ביבליאָטעק פון „סאָוועטיש היימלאַנד" № 10 (94)

בײַלאַגע צום זשורנאַל נומ. 10, 1988

באָריס מאָגילנער

# אויף דער כוואַליע פון גלאַסנאָסט

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" • מאָסקווע • 1988

אונטער דער אלגעמיינער רעדאקציע
פון ארן ווערגעליס

אין דער איצטיקער בײַלאגע זײַנען אײַנגעשלאָסן אָפּהאנדלונ־
גען וועגן בריוו, וועלכע די לייענער האָבן לעצטנס צוגעשיקט
אין דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד”.

# עס שרייבן אונדז יונגע

מיסטאמע ווייסן שוין אלע, אז איך מעשעך פון די פינף און צוואנציק יאָר פון זײַן עקזיסטענץ טיילט ניט דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" לויטן עלטער ניט זײַנע מעכאברים, ניט זײַנע לייענער. באַאָרטע מענטשן קאָן מען זען סײַ צווישן די אווטאָרן, סײַ צווישן די אבאָנענטן, אזוי אויך — יונגעלײַט. מיר שטרעבן לאכלוטן ניט פאנאנדערגרענעצן זיי ווי „אנטאגאָניסטישע דווירעס". כאָלילע! נאָר וויבאלד עס האָט זיך שוין יאָ אויסגעפורעמט א יוגנטלעכער נומער פון „סאָוועטיש היימלאנד", וועלן מיר א קוק טאָן, וועלכע פראָבלעמען ס׳אנטהאלטן די בריוו פון אונדזערע יוגנטלעכע קאָרעספאָנדענטן.

דער יונגער ארבעטער אלעקסאנדער דוביצקי פון סווערדלאָווסק שטעלט קוידעמקאָל ארויס אינעם בריוו, וועלכן ער האָט דאָ ניט לאנג צוגעשיקט, זײַן ייִכעס. „איך בין א פרעזעראָווטשיק אף א גרויסן זאוואָד, — שרײַבט ער, — דאָס אָרט בא דעם ווערקשטעל אין מעכאנישן צעך האָב איך פארנומען בלויז מיט דרײַ כאדאָשים צוריק, געקומען פון א פראָפעסיאָנעלטעכנישער שול. כ׳וויל זיך ניט בארימען, נאָר איך דארף זאָגן, אז איך בין געווען א פלײַסיק לערן־ייִנגל, מײַן פאך האָב איך דערגרייכט מיט שווייס. איצט גיב איך שוין דעם לאנד פראָדוקציע. כ׳פארשטיי גאנץ גוט, אז אלץ, וואָס עס האָט באהאנדלט דער XXVII צוזאמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פונעם סאָוועטנפארבאנד האָט א דירעקטע שייכעס צו מיר. איך בין איינער פון די, וואָס דארפן אקטיוו אָנטיילנעמען אינעם פארווירקלעכן די אופגאבן, וועלכע עס האָט אָנגעמערקט דער העכסטער פאָרום פון די קאָמו־

ניסטן. וואָס קאָן איך קאָנקרעט טאָן, קעדיי בארעכטיקן אזעלכע פליכטן? די דאָזיקע פראגע שטעל איך פאר זיך אָן קאָמפּראָמיסן. איך בין נאָך ניט אזא געניטער פאכמאן, און ווירקן אף דער פארגיכערונג פונעם טעכנישן פּראָגרעס קאָן איך אין דער מאָס פון מײַנע באשיידענע קויכעס. בא הײַנ־טיקן טאָג, ווײַזט אויס, דארף איך זיך סטארען ניט פארלירן קיין איין רעגע פון דער ארבעט־צײַט. איך בין מעכויעוו מײַנע מעגלעכקײַטן אויסנוצן פּראָ־דוקטיוו. אויב יעדערער פון אונדז, אף זײַן אָרט, וועט זיך באגיין אף אזא אויפן, וועלן מיר אויסמײַדן לעכאָלעהאפּאָכעס איבעריקע פארלוסטן אין דער פּראָדוקציע, און דאָס אליין וועט מיטווירקן דעם פּראָגרעס. איך שרײַב וועגן דעם, ווײַל אזעלכע, ווי איך, זײַנען פאראן בא אונדז אפן זאוואָד ניט ווייניק, און איך האָף אויסהערן אויך זייער מיינונג וועגן דעם איניען. טאָן דאָס, וואָס א מענטש איז מעכויעוו טאָן, איז ניט קיין העלדישקײַט, אָבער אָן דעם איז ניט מעגלעך ביכלאל צו גיין פאָרויס. עפשער בין איך ניט גערעכט?"

מיט דעם געפיל פון פערזענלעכער פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר אלץ, וואָס עס קומט פאָר אף דער וועלט, זײַנען דורכגעדרונגען ניט ווייניק בריוו פון אונדזערע יונגע קאָרעספּאָנדענטן. און דאָס איז זייער גוט. וואָס פריִער עס וואכט אוף אינעם מענטשן דער געזעלשאפטלעכער באוווסטזײַן, אלץ שנעלער שטעלט ער זיך אף די פיס.

די געזעלשאפטלעכע רײַפקײַט פון דער סאָוועטישער יוגנט קאָן מען באשײַמפּערלעך שפירן אין יענע בריוו, וועלכע בארירן די פראגן פון פאר־היטן דעם פרידן. די מערהײַט אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן זאָגן ארויס אין זייערע ווענדונגען צו דער רעדאקציע די אופגעבראכטקײַט מיט דעם, וואָס די אמעריקאנישע מיליטאריסטן ווילן זיך ניט רעכענען מיט די פאָדערונגען פון דער גאנצער פּראָגרעסיווער מענטשהײַט און זעצן פאָר צו פירן א גע־פערלעכע שפּיל מיט די נוקלעארע באָמבעס. „בא דעם רוסישן שרײַבער אנ־טאָן טשעכאָוו איז פאראן אזא געדאנק: אויב אינעם ערשטן אקט פון דער דראמע הענגט אף דער וואנט א ביקס, מוז זי אינעם לעצטן אקט אויס־שיסן, — שרײַבט אונדז פון דער שטאָט ארמאוויר עליע טאנענבוים. — מיר דארפן מיט אלע קויכעס זיך ראנגלען פאר דעם, אז די „ביקס", דאָס הייסט — די באוואָפענונג, זאָל נאָך „אין ערשטן אקט" אראָפּגענומען ווערן פון דער וואנט, די אטאָם־באָמבע טאָר מען ניט איבערלאָזן ביז צו דעם „לעצטן אקט". דאָס איז אין א געוויסער מאָס געווענדט אין יעדן איינעם פון אונדז. לאָמיר אלע אײַנעם, יעדערער אף זײַן אָרט, קרעפטיקן דעם

קויעך פון אונדזער היימלאנד. איך בין א שאָפער אף א לאסטמאשין, איך טראנספּאָרטיר דעטאלן פאר דער בויונג פון א מעכאנישן זאוואָד. וואָס מע־רער איך וועל ברענגען אף דעם בוי־פּלאץ פּליטעס, אלץ גיכער וועט פּארטיק ווערן דער נייער זאוואָד, אלץ שטארקער וועט ווערן אונדזער לאנד. קעגן דער מילכאָמע דארף מען ארויסשטעלן סטאכאנאָווישע ארבעט".

דאָס פּאַרפאָלק טשערטאָק פון דער שטאָט ארכאנגעלסק האָט אריינגע־שיקט אין רעדאקציע א געמיינזאמען בריוו, אין וועלכן ס׳זיינען פאראן אזעל־כע ווערטער: „מיר האָבן געבוירן צוויי מיידעלעך, ווילן מיר, זיי זאָלן אויס־וואקסן געזונטינקע און שיינע, מיר זאָלן האָבן פון זיי נאכעס. רייגאנען און זיינע מיליטאריסטן מוז מען אָפּשטעלן, ביז עס איז נאָך ניט שפּעט!"

יאשע שניידערמאן, א סטודענט פון קאזאן, שרייבט: „מע דארף מאכן א סאָף צו די אופרייסן פון די אטאָם־באָמבעס אונטער דער ערד, עלע ניט, וועלן די מאניאקן צעשמעטערן דעם ערדקיילעך, ניט פון אינעווייניק, איז פון דרויסן".

פאראן אין דער רעדאקציע־פּאָטשט ניט ווייניק בריוו, וואָס הייבן זיך אָן מיט א ריין פּערזענלעכן מאָטיוו און פארוואנדלען זיך אין א לייַדנשאפטלעכן אָפּרוף אף פּראָבלעמען, וועלכע רירן אָן די לעבנס־אינטערעסן פון דעם גאנצן קלאל.

„ס׳וואָלט געווען ניט איינגאנצן ריכטיק צו זאָגן, אז כ׳בין פולקום צו־פרידן מיט מיין לעבן, — איז זיך מודיע אין איר בריוו סוועטלאנע שערע־שעווסקאיא פון דער שטאָט באלאשאָוו, סאראטאָווער געגנט. — כאָטש, אָפּן גערעדט, קיין אָסאָבענע גרויסע טיינעס צום גורל קאָן איך ניט ארויס־שטעלן. מע דארף ניט זינדיקן, ווי מיין מאמע זאָגט. פיר פון מיינע פיר און צוואנציק יאָר ארבעט איך אלס וועבערן אפן מעלאנזש־קאָמבינאט, כ׳גיי יעדן טאָג אף דער אונטערנעמונג פארביי מיין פּאָרטרעט, וואָס הענגט אף דעם ערנטאָוול. אוואדע בין איך ניט קיין פוילי־אטשקע. מיינע געוועבן באַ־קומען די העכסטע אָפּשאצונג. כ׳זאָג זיך ניט אָפּ אויך פון געזעלשאפטלע־כער ארבעט — אלע פאַרגעבונגען פונעם קאָמיוגישן קעמערל סטארע איך זיך אויספילן. האיאר בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אין פּראָפקאָם: מע האָט אף מיר דאָרט ארופגעלייגט די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער קולטור־מאסן־ארבעט.

דוכט זיך, אז אלץ איז בא מיר אין אָרדענונג. נאָר ניין, ניט אלץ. מי־סטאמע האָט איר שוין פארשטאנען, וואָס עס פעלט מיר אויס. א מאמע איז

בא מיר פאראן, א טאטע — אויך, קיין מאן — ניטא. געווען א באָכער, האָט אים אוועקגעפירט פון מיר א פרעמדע פרוי... זײַט ניט בארויגעזן, איך מוז אויסריידן דאָס הארץ, עס זאָל ווערן א ביסל גרינגער אױף דער נעשאָמע. ס'איז נאָך א גליק, וואָס איך בין די גאנצע צײַט צווישן מענטשן, פארגעס איך אין מײַן פארדראָס. פארשטייט זיך, אז שאפן אן אייגענע מישפּאָכע וואָלט איך ווען. כ'האָב ליב קינדערלעך. אָן זיי צו לעבן איז אומעטיקלעך. די מאמע מוסערט מיך: איך בין נאָך ניט קיין פארזעסענע מויד און כ'זאָל ניט וואגן צו דערלאָזן אזעלכע נארישקײַטן, ווי ווײנען אין די נעכט אָן א סיבע. מע דארף ניט, זאָגט זי, פארומערן דאָס אייגענע לעבן. ביפראט נאָך, אז אױף דער וועלט איז אומרויק.

וועגן דער אָנגעשטרענגטקײַט אין די צווישנבאציִונגען צווישן מיזרעך און מײַרעװ קומען פאר בא אונדז אינדערהיים געשפּרעכן קימאט יעדן טאָג, מיר באהאנדלען דאָס, וואָס די צײַטונגען שרײַבן און עס באווײַזט די טע־לעוויזיע. מײַן טאטע איז א פּראָפּאגאנדיסט. א לײַדנשאפטלעכער. ער פאר־שטייט, אוואדע, א סאך מער, איידער איך. ער דערקלערט מיר, וואָס עס קומט פאר אין דער וועלט. איך אָבער זע דערווײַל בלויז דאָס איינציקע: ס'איז אן אומבאגרײַפלעכע זאך! וואָס הייסט, מענטשן האלטן בא זיך געווער, וואָס קאָן פארניכטן די ערד, וויסנדיק, אז אַט דאָס געווער איז בעקויעך איבערלאָזן אױף איר אויסשליסלעך ראדיִאָאקטיוו אש?!

אין דער לעצטער מילכאָמע זײַנען אומגעקומען מײַנע ביידע זיידעס און די באָבעס, די פעטערס און די מומעס און מײַנע שוועסטערקינדער. אזוי האָט זיך שוין באקומען, אז מיר וויסן אפילע ניט, ווהין עס איז אהינגע־קומען זייער געביין. ווען מײַן טאטע שמועסט בא זיך אין צעך מיט זײַנע כאוויירים וועגן דער געפאר פון א נײַער מילכאָמע, דארף ער קיין איבעריקע ארגומענטן ניט זוכן — סײַ בא אים, סײַ בא יענע, וואָס הערן זיך צו צו זײַנע רייד, זײַנען נאָך ניט פארהיילט די וווּנדן, וועלכע ס'האָט פארשאפן דער קריג מיט די פאשיסטן. מיר דארפן ניט קיין מילכאָמעס, מיר ווילן לעבן, מיר סטארען זיך פארגיכערן אונדזער פּראָגרעס, קעדיי די סאָוועטישע מענטשן זאָלן זײַן גליקלעך און געניסן פון דעם וווּנדער, וואָס רופט זיך לעבן! מײַן בריוו זעט אויס סומבורנע. א דאנק אײַך, אויב איר האָט אים איבערגעלייענט. האָט ניט קיין פאריבל. פאר מײַנע נײַן מאָס רייד, ווי עס זאָגט מײַן מאמע...״

אין די בריוו פון אונדזערע יונגע קאָרעספּאָנדענטן ווערן באהאנדלט פּראָטים פונעם טאָגטעגלעכן לעבן. פאראן אויך אזעלכע. אן אָפּיצער פון

דער כאָוועטישער אַרמיי, באָריס בערלין, וועלכער דינט אין דער שטאָט קיראָוואָגראַד, שרײַבט, אַז אין גאַנג פֿון זײַנע שמועסן מיט די סאָלדאַטן קומט אים אויס צו ענטפֿערן אַף סאַמע פֿאַרשיידענע פֿראַגעס. איינע פֿון זיי האָט אַרויסגערופֿן זײַן בריוו צו אונדז. אַנומלטן, — שרײַבט ב. בערלין, — האָט אַ סאָלדאַט אים אַ פֿרעג געטאָן, צי ס'איז מעגלעך דערלערנען יידיש, אויסנוצנדיק דעם סאַמאָוטשיטעל, וועלכן מיר דרוקן אין זשורנאַל. ביזוואַנען וואָס־ווען, בעט דער כאַווער בערלין, מיר זאָלן אים צושיקן אַ נומער „סאָוועטיש היימלאַנד". דערבײַ אינטערעסירט ער זיך מיט דער פּרײַז פֿון אַן איינצלנומער פֿון אונדזער זשורנאַל און מיט דעם, צי מע קאָן אים אויסשרײַבן אינמיטן יאָר. מיר האָבן געענטפֿערט, אַז אַבאָנירן זיך אַף „סאָוועטיש היימלאַנד", ווי אַף אַלע אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, קאָן מען, אָנהייבנדיק פֿון אַ באַליביקן נײַעם כוידעש, און מיר האָבן אויך אַרויסגעשיקט דעם יונגן אָפֿיצער אַ נומער פֿונעם זשורנאַל און אַ ביכעלע פֿון דער בײַלאַגע צו אים. ס'קאָן זײַן, אַז אין אָט דעם פֿאַל האָבן מיר ניט נאָר געהאָלפֿן ב. בערלינען צו ענטפֿערן אַף אַ פֿראַגע פֿון זײַנעם אַ סאָלדאַט, נאָר צוזאַמען מיט דעם באַקומען אַ נײַעם לייענער און עפּשער אַפֿילע ניט דעם איינציקן.

צוריק מיט אַ קורצער צײַט האָט אָפּגעדינט זײַן טערמין אין דער אַרמיי און זיך אומגעקערט אַהיים אין דער מאָסקווער געגנט, לעניִנסקער ראַיאָן, דער צוואַנציקיאָריקער יורי קאַראָליאָוו. מיר האָבן פֿון אים דערהאַלטן אַ טשיקאַווען בריוו. „איך האָב געהערט, אַז אײַך אינטערעסירן די אײַנדרוקן פֿון מענטשן, וואָס הייבן ערשט אָן צו דערלערנען יידיש, — שרײַבט ער אין זײַן ווענדונג צו דער רעדאַקציע. — איך בין איינער פֿון זיי. זינט כ'האָב אָנגעצייכנט דעם ערשטן יידישן אָס איז אַדורך ניט קיין סאַך צײַט. און אָט איז איינער פֿון מײַנע אײַנדרוקן: אין אוראַלטער גראַפֿיק איז אָנגעטאָן אַ לעבעדיק לאָשן, אַ ביז גאָר עמאָציאָנעלס. וואָס איז שײַך דעם אַלעפֿבייס, מיין איך, אַז פֿאַר אַן אַרמענער, לעמאָשל, איז דערלערנען די רוסישע אויסיעס קיין קאָפּל ניט לײַכטער, איידער פֿאַר מיר, צי פֿאַר דעם זעלבן אַרמענער, אָדער רוס — די יידישע".

„צוליב וואָס באַדאַרף איך יידיש? — פֿרעגט ער זיך אַליין. — אָט די פֿראַגע קאָן מען פֿאַרשטיין פֿאַרשיידנאַרטיק. פֿאַרוואָס טאַקע יידיש? פֿאַרוואָס ניט העברעיִש? איך בין איבערצײַגט, אַז צווישן מײַנע אָוועס זײַנען קיין ראַבאָנים ניט געווען, פֿיל דוירעס פֿאַרגייער מײַנע האָבן זייערע ערשטע

און לעצטע ווערטער ארויסגעבראכט אף יידיש. מיר געפעלט די יידישע געשיכטע. כ׳האָף, אז יידיש וועט מיר העלפן זי דערלערנען".

דערנאָך גייט אין יורי קאָראָליאָווס בריוו א „צוריקגערעדט", מיט וועלכן מיר ווילן אויך באקאנען די לייענער פונעם זשורנאל, ווייל זיי כאזערן זיך איבער אין אנדערע בריוו.

„אף וואָס פאר א שוועריקייטן האָב איך זיך אָנגעשטויסן? — שרייבט אונדזער קאָרעספּאָנדענט פון הינטערמאָסקווע. — איך פיל א קעסיידערדיקן דעפיציט פון צייט. כ׳קאָן זיך דאָך ניט פארגינען צו שטודירן בלויז יידיש. עס זיינען פאראן הונדערטער אייסאָקים, וויכטיקע און צוציענדיקע, וועלכע פאָדערן, מע זאָל זיך מיט זיי פארנעמען. מע דארף באזוכן דעם אוניווערסיטעט, קעדיי ביי־זיין אף די לעקציעס פון ביאָלאָגיע („די מענטשהייט האָט נאָך פאר איר עקזיסטענץ ניט אויסגעטראכט קיין אינטערעסאנטערע וויסנשאפט, איידער גענעטיק", — אזוי האלט מען אף דער קאטעדרע פון גענעטיק פונעם ביאָלאָגישן פאקולטעט, און איך שטריי ניט מיט דעם); מע דארף ערלעך שטודירן די קלאָלים פון דער אויפירונג אף די וועגן, קעדיי אויסצוהאלטן די אויספרווון אין דער מעלוכישער אווטאָ־אינספעקציע און באקומען די לאנגדערווארטע שאָפער־שיין; מע דארף, סאָפּקאָלסאָף, פאָרן אין „אָלימפישן" באסיין, קעדיי טאָמיד זיין מונטער און ניט דרייען קיין ספּאָדעק זיך און די שטוביקע מיט פארקילעכצן און אנדערע דערפינדונגען פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט. אזויארום, קומט שוין מיר אויס צו זוכן די פינף־און־צוואנציקסטע שאָ אינעם מעסלעס שוין אצינד, כאָטש איך האָב נאָך דערווייל פאָרמעל נישט אָנגעהויבן ניט ארבעטן און ניט ווי ס׳דארף צו זיין זיך לערנען. זאָגן, אז איך זוך די פינף־און־צוואנציקסטע שאָ אלעמאָל אָפּ, וואָלט געווען א ליגן. ניין, ניט אלעמאָל געפין איך זי".

א סאָציאָלאָג און פיזיקער פון וואָלגאָגראַד — ערמאן קאפעל — טיילט מיט דער רעדאקציע, אז ער האָט זיך אבאָנירט אפן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", כאָטש קיין עמעסער לייענער איז ער נאָך דערווייל ניט — די שפּראך פונעם זשורנאל האָט ער נאָך ניט באהערשט. „אָבער שטעלט זיך פאָר מיין פרייד, ווען כ׳האָב באקומען דעם ערשטן נומער פארן זעקס־און־אכציקסטן און געפונען דאָרט א זעלבסטלערער פון יידיש! אָבער אין יענעם זשורנאל־נומער איז איינגעשלאָסן דער צווייטער לימעד. ווו זשע נעמט מען דעם ערשטן?"

פיל בריוו פון אונדזערע יונגע קאָרעספּאָנדענטן אנטהאלטן רעקאָמענדאַציעס. יייסעף קליינער פון קאַליניִנגראַד שרייבט: „איך בין א פראָגראַמיסט־מאטעמאטיקער, דרייסיק יאָר אלט. כ׳לייען אייער זשורנאל קימאט שוין 15 יאָר. איך מיין, אז עס איז א וווּנדערלעכער זשורנאל. פונדעסטוועגן האָב איך צו אים צוויי פאָרשלאָגן. מיר דוכט זיך, אז א רובריק וועגן אונטערגעהערטן קינדער־פאָלקלאָר „פון צוויי יאָר אלט ביז פינף יאָר אלט...” וואָלט אין דעם זשורנאל געווען זייער פּאסיק. עס קאָן זיך באקומען א טשיקאווע רובריק. איך האָב געפרעגט מיין מאמע, וויאַזוי וועט זיין אף יידיש „פּאָטשעמוטשקא”. איר ענטפער איז געווען „א פּאָטשעמוטשקעלע”. איך וואָלט געזאָגט „א פּאראוואָסניקל”. מיסטאמע פארשטייט איר שוין, אז כ׳וויל אייך עפּעס־וואָס פאָרלייגן פון אָט דעם מין: עטלעכע „פּאראוואָסלעך” פון אונדזער זון ראָמקע, אזא, לעמאָשל, ווי „אין אווטאָבוס”. „פונוואַנען ווייסט דער שאָפער, אז מיר פאָרן צום זיידן? איר האָט אים גאָרנישט ניט געזאָגט, און ער פאָרט גלייך אהין...” אָדער „בייסן פילם „א שטרויענע שליאפּע”, דערזעענדיק א קארעטע מיט איינגעשפּאנטע אין איר פערד. „פאראוואָס האָט מען די פערד צוגעבונדן צום אווטאָמאָביל?”

מיין צווייטער פאָרשלאָג איז א ביסל א קאָמפּליצירטערער, דאָך וויל איך אים אייך פאָרלייגן. צום זשורנאל וואָלט גוט געווען צוגעבן קלאַנגען־זייטלעך. כ׳פארשטיי, א וועלט מיט טעכנישע קאָמפּליצירטקייטן! נאָר עס מאכט ניט אויס. מע דארף אף דעם איינגיין. א סאך אייערע מאטעריאלן בעטן זיך אף א פּלאַט. אונדז, לייענער, וואָלט געווען זייער אינטערעסאנט צו דערהערן דאָס קאָל פון א באליבטן שרייבער, אָדער „ביידזיין” אף אן אינטערוויו מיט אן אינטערעסאנטן מענטשן, און טאקע האנאָע האָבן אויך פון א יידישער ליד. כ׳מיין, אז אפילע די לימודים פאר די, וואָס דערלערנען יידיש, וואָלט מען געמעגט טאָניפיצירן”.

באָריס ווייַנשטאָק פון טאשקענט שרייבט: „מיכטאם האָט איר באמערקט, אז איצט איז די יוגנט פארכאפּט מיט גיטארע־שפּיל. מיין איך, אז עס וואָלט געווען ווינטשנסווערט, דער זשורנאל זאָל אָפּדרוקן א מאטעריאל וועגן יידישער מוזיק, וועלכע איז באארבעט פאר א זעקס־סטרונעקער גיטארע. איך בין איבערצייגט, אז די גיטארע איז בעקויעך אנטפּלעקן ניַיע פארבן און אינטאָנאציעס פונעם יידישן מעלאָס”.

דאָס מיידל פון דער שטאָט פּענזע עוועלינע אייזענשטיין טיילט אונדז מיט:

„איך בין א סטודענטקע פון דער פענזער מוזיקאלער שול. איצט שרייַב איך א קורס־אַרבעט פונעם קעגנשטאַנד „טעאָריע" אַף דער טעמע „די סטיליסטישע אייגנארטיקייַטן פון די ייִדישע פאָלקסלידער". איך וואָלט אייַך געוועזן דאנקבאַר פאַר א רעקאָמענדאַציע, ווו צו זוכן הילפס־ליטעראַטור פאַר מייַן קורס־אַרבעט. מיך אינטערעסירן סייַ טעאָרעטישע פאָרשונגען, סייַ לידער־זאמלונגען פון פאָלקסלידער. עפשער וואָלט איר מיר געקאָנט מיטיילן, אין וואָס פאַר א פאַרלאַג און אונטער וועלכן טיטל האָט ארויסגעלאָזט זייַן זאמלונג פאָלקסלידער דער דיכטער און קאָמפּאָזיטאָר מארק וואַרשאַווסקי (1845—1909), שאָלעם־אַלייכעמס א פרייַנט". מיר האָבן געענטפערט אונדזער קאָרעספּאָנדענטקע פון פענזע און זי פאַרבונדן מיטן מוזיקפאָרשער מ. גאָלדין פון ריגע, מיט די מאָסקווער קאָמפּאָזיטאָרן סערגיי טשעבאָטאַריאָוו און וולאַדימיר טערלעצקי, קעדיי זי זאָל אַף וויַטער שעפּן די נייטיקע אינפאָרמאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע קוואַלן.

פעליקס כאַימאָוויטש פון מינסק האָט אונדז צוגעשיקט פאָלגנדן בריוו:

„איך בין א יונגער ווייַסרוסישער דיכטער. עמעס, קיין מיטגליד פונעם שרייַבער־פאַריין בין איך נאָך ניט. כאָטש איך האָב שוין ארויסגעלאָזט א ביכל לידער. איצט פּרוּוו איך איבערזעצן פון ייִדיש אַף ווייַסרוסיש. מייַן איבערדיכטונג פון אוורהם גאָנטארס ווערק איז געווען געדרוקט אין אלמאַנאַך „בראַטערסטוואָ־82". איצט זעץ איך איבער שיקע דריזס לידער. פאַרוואָס וועגנד איך זיך צו אייַך? אלס איבערזעצער, נייטיק איך זיך אין ווערטערביכער: אין א רוסיש־ייִדישן, ייִדיש־רוסישן און אין אויסטייַטש־ווערטערביכער. איך טרוים דערלערנען ייִדיש אזוי, כ'זאָל קאָנען מיטארבעטן אין אייַער זשורנאַל, און ניט נאָר ווי אן איבערזעצער. איך האָב שוין אפילע איין ליד אַף ייִדיש פאַרפאַסט. און כ'נעם זיך אָן מיט האָזע אייַך זי צו באַווייַזן. אויב ס'איז מעגלעך, לייענט זי דורך און פאַרגעסט ניט, אז אין מינסק וואַרט אַף אן ענטפער אייַער פרייַנט".

מיר האָבן כאַימאָוויטשעס ליד איבערגעלייענט און לייגן פאַר די פאַרערער פון פּאָעזיע טאָן דאָס זעלבע:

אין הימל—שטערנדלעך א סאך.
עס שלאָפט די וועלט. בלויז איך בין וואך.
אין טונקל כ'טו מייַן בליק א טונק.
וואָס זע איך דאָרט? עס ברויזט א פונק.

עס בליצט און גליווערט. עפּשער פליט
אהערצו א מעטעאָריט?
אָדער דאָס איז א שפּור א העלער
פון יענע פליִענדיקע טעלער,
וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן,
באַ אונדז זיי ווימלען פאר די אויגן.
א קאַפּיטאַן פונוויַט אונדז זעט,
און א דערלויבעניש ער בעט,
אָן אָרט אים אויסטיילן פאר לאַנדונג.
אומעגלעך איז אזא פאַרוואַנדלונג?
נאָר ס׳ברענט דאָך פאָרט א פונק אין נאַכט.
איך שטיי פאַרגאַפט, איך טרוים און טראַכט.
איך קלער: ס׳איז פּראָסטיק יענע וועלט —
אין איר א פריַינט, א ברודער פעלט.

די לידער, וואָס פעליקס כאַימאָוויטש האָט שפּעטער שוין אָנגעשריבן און זיי צוגעשיקט אין רעדאַקציע, קאָן מען דורכלייענען אין „סאָוועטיש היימלאַנד".

מיט דער ליטעראַטור אויף ייִדיש וויל פאַרבינדן זיַין צוקונפט גענאַדי וויַינער פון סימפעראָפּאָל. „איך האָב איבערגעלייענט אין איַיער זשורנאַל, — ווענדט ער זיך צו אונדז, — אַז אין די לעצטע יאָרן האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל קוואַליפיצירטע איבערזעצער פון אַנדערע לעשוינעס אויף ייִדיש. איצט בין איך אַלט זיבעצן יאָר. ס׳איז שוין ציַיט אויסוויילן א פאַך. איך וואָלט וועלן ווערן אַן איבערזעצער. זאָגט מיר, וויאַזוי קאָן מען פאַרווירקלעכן אזא מיַין פאַרטראַכט?"

א באַזונדערס גרויסן צופלוס פון בריוו אין רעדאַקציע האָבן אַרויסגערופן דער ניט לאַנג צוריק דערשינענער אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" יאָרבוך — יעזשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר" און די זאַמלונג „סאָוועטישע ייִדישע פּאָעזיע", וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן דער פאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא". איַנעם שטראָם פון אָפּרופן אויף אָט די צוויי פונדאַמענטאַלע ביכער־אויסגאַבעס פון די ייִדישע סאָוועטישע שריַיבער אין אַנדערע שפּראַכן פאַרנעמען א בעקאָוועדיק אָרט די אָפּקלאַנגען פון יונגע לייענער. געניַיער וועגן דעם וועט נאָך גיין א רייד אין די קומענדיקע נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד", דערוויַיל מערקן מיר פּאָשעט אָפּ אָט דעם פריידיקן פאַקט.

מיר פֿאַרענדיקן דעם איבערבליק, בלעטערנדיק בריוו, וועלכע זײַנען אָנגעקומען נאָרוואָס, אין דעם טאָג, ווען דער זשורנאַל־נומער ווערט אָפּגעגעבן אין זאַץ. אָט וואָס עס שרײַבט פּאַוועל גענדעלמאַן פֿון מאָסקווע: „יעדערער, מיסטאמע, פֿאַרמאָגט זײַנע ליטערע קינדהײַט־דערמאָנונגען. בא מיר זײַנען עס די לידער, וועלכע ס'פֿלעגן זינגען דער טאַטע און די מאַמע. דעמלט, ניט מיט קיין סאַך צײַט צוריק, האָב איך זיי אויפֿגענומען ווי „לידער, וואָס זײַנען פֿאַרשווונדן". איצט ווייס איך, אַז דאָס רופֿט זיך יידישער מוזיקאַלער פֿאָלקלאָר. אין אייניקע שטעט, אשטייגער, אין קאָוונע, אין ווילנע, אין ביראָבידזשאַן איז פֿאַראַן א יידישע זעלבסטטעטיקײַט, גאַנצע קאָלעקטיוון מיט דערפֿאַרענע אָנפֿירער. איך האָף, אַז ס'וועט קומען א טאָג, ווען אַלע זיי וועלן זיך צונויפֿקומען אַף א דורכקוק קיין מאָסקווע..."

„מײַנע עלטערן זײַנען לערער, — שרײַבט פֿון דער שטאָט זעליאָנאָדאָלסק, טאַטאַריע, איליא סאָסנאָווסקי. — איך פֿאַרבינד אויך מײַן צוקונפֿט מיט דער פּעדאַגאָגישער טעטיקײַט. די כעוורע פֿונעם נײַנטן קלאַס, אין וועלכן איך לערן זיך, האַלטן אונטער מײַנע פּלענער. די קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציע האָט מיר פֿאַרטרויט צו זײַן א פּיאָנער־וואָזשאַטע אין פֿינפֿטן קלאַס. מיט פֿאַרגעניגן גיי איך צום קליינוואַרג. אין די טעג פֿונעם 27־טן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז בא אונדז דורכגעפֿירט געוואָרן א דורכקוק פֿון טעכנישער קינדער־שאַפֿונג. די אַרבעטנדיקע מאָדעל פֿון א טראַקטאָר, וועלכן מיר האָבן פֿאָרגעשטעלט, האָט באַקומען א פּריז. מיר איז געווען אָנגענעם נאָכצושפּירן, ווי מײַנע פּיאָנערן האָבן שטאָלצירט מיט זייער דערפֿאָלג. איך זשאַלעווע ניט קיין צײַט און קיין קויכעס צוליב זיי: ווינטער האָבן מיר פֿאָרגענומען, צוזאַמען מיט די עלטערן, עטלעכע ווײַטע מאַרשן אַף ליזשעס, באַזוכט דעם טעאַטער פֿון יונגע צושויער אין קאַזאַן. מיר שפּילן אין וואָלייבאָל און אין באַסקעטבאָל. איצט גרייטן מיר זיך צו די זומערדיקע פֿאַרמעסטן פֿון די שווימער אין דער וואָלגע. מײַן באָבעשי איז צופֿרידן, וואָס איך בין ניט, ווי זי דריקט זיך אויס, „קיין קעסטקינד", דאָס הייסט — קיין ליידיקגייער, זי איז צופֿרידן, וואָס איך בין „אַן אַרבעטאָרער" און מע קאָן פֿון מיר „קלײַבן נאַכעס". מײַן באָבעשי איז טאָמיד גערעכט. ווער עס האָט א מעגלעכקײַט נעמען מיט דער פֿולער האַנט, דאַרף זיך אויסלערנען מיט דער פֿולער האַנט אָפּצוגעבן..."



# מיט ביטאָכן און ליבע

ס׳קאָן זײַן, אַז מאכמעס דעם רעזאָנאַנס, וואָס עס האָט אַרויסגערופן די פײַערונג פונעם 25־יאָריקן יובילײ פון אונדזער זשורנאַל און דער הויכער מעלוכישער באַלוינונג, מיט וועלכער ער איז אָפּגעמערקט געוואָרן, איז לעצטנס שטאַרק געשטיגן די צאָל בריוו, וואָס די רעדאַקציע באַקומט פון פאַרעדער, לייענער־וועטעראַנען פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ און פון אַזעלכע, וואָס קלײַבן זיך אַבאָנירן צום ערשטן מאָל. אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר דער אינטערעס צום זשורנאַל פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור וואַקסט אָן אויפֿהער. די דאָזיקע טענדענץ איז אַ באַשײַמפּערלעכע, אויב אורטיילן לויט דער רעדאַקציאָנעלער פּאָטשט סײַ אין סאָוועטנפאַרבאַנד, סײַ אין אויסלאַנד.

ווערן אַ שטענדיקער לייענער פון אונדזער אויסגאַבע האָפט לעאָניד רובינשטיין פון דער שטאָט דאָנעצק, אַ שאַכטיאָר לויטן פאַך. נאַדיעזשדע שיאַנאָווא, אַן אײַנוווינערין פון קאַזאַן, שרײַבט, אַז דערווײַל קריגט זי דעם זשורנאַל פון מאָל צו מאָל אין די קיאָסקן, זי אַבאָנירט זיך ניט אויף אים בלויז דערפאַר, ווײַל די קענטענישן אויף צו זײַן אַ באַשטענדיקע לייענערין פאַרמאָגט זי נאָך ניט. נאָר זי גלייבט, אַז אירס וועט זי דערגרייכן. מיטן זשורנאַל אינטערעסירן זיך מאַניע צענציפּער פון מילעראָוואָ, ראָסטאָווער געגנט, וולאַדימיר ווינקעלמאַן פון אַזאָווסקאָיע, דזשאַנקאָיער ראַיאָן, קרימער געגנט, איסײַ טאַראַטוטאַ פון גאַראָכאָוועץ, וולאַדימירער געגנט, טאַטיאַנע טינטמאַכער פון איליטשאָווסק לעבן אָדעס, יאַקאָוו און בראָניע קירזשנער פון קוקמאָר, טאַטאַריע, דער אײַנוווינער פון פּערשאָטראַווענסקאָיע, אָורוטשער ראַיאָן, זשיטאָמירער געגנט, פיניע קליינמאַן און נאָך פיל אַנדערע טוישווים אין פאַרשיידענע שטעט און יישווים.

וויאַזוי אַבאָנירט מען זיך אויף „סאָוועטיש היימלאַנד״? אָט וועגן וואָס עס גייט אַ רייד הויפּטזאַכלעך אין אַ גרויסער צאָל בריוו.

מיר האָבן שוין ניט איין מאָל געמאָלדן אויף די שפּאַלטן פונעם זשורנאַל און מיר ענטפערן יעדערן פּערזענלעך, ווער עס פרעגט זיך אָן בא אונדז, אַז אויסשרײַבן „סאָוועטיש היימלאַנד״ קאָן מען אָן קיין שום באַגרענעצונגען אין אַ באַליביקער אָפּטיילונג פון „סאָיוזפּעטשאַט״.

דערבײַ דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין די גרעסערע שטעט באַ אונדז אין לאַנד און אין די ייִשוּבֿים, וווּ עס וווינט אַ מער־ווייניקער קאָמ־פּאַקטע ייִדישע באַפֿעלקערונג, זײַנען טעטיק געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטער פֿונעם זשורנאַל, וועלכע קומען צו הילף די פּאָטענציעלע לייענער און יעדן איינעם, וועמ עס נייטיקט זיך אין אַזאַ הילף. עס זײַנען ברייט באַוווּסט און הויך געשעצט אַזעלכע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", ווי שלוימע בליינים פֿון קיִעוו, הערשל באַראַז פֿון ראָסטאָוו־אָפּן־דאָן, רוווּן פּוסטילניקאָוו פֿון הינטערמאָסקווע, וועלוול ליובטשאַנסקע פֿון אָדעס, און נאָך און נאָך פֿיל ענטוזיאַסטן, וועמענס צילגעווענדטקייט, ענער־גיע, טרײַשאַפֿט שאַפֿן אַ גינסטיקע אַטמאָספֿער אַרום אונדזער אויסגאַבע. נאָר ניט ווייניקער איז די באַדײַטונג און די ראָליע פֿון יענע כאַווײרים, וועלכע זײַנען נאָך ווייניק באַוווּסט דעם ברייטן קרײַז פֿאַרערער פֿונעם זשור־נאַל, אָבער טוען אַלץ, אַז אָט דער קרײַז זאָל מאַקסימאַל פֿאַרברייטערט ווערן. באַגריסנדיק „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט די 25 יאָר פֿון זײַן עקזיסטענץ, באַ־מערקט, צווישן אַנדערס, בעלאַ גרינפֿעלד פֿון אָדעס: „וויפֿל דער זשורנאַל עקזיסטירט, אַזויפֿיל יאָרן בין איך אַ געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטערן, אָבער וועגן זיך שרײַב איך דאָס ערשטע מאָל. איצט וויל איך מיטיילן וועגן מײַנע צוויי בײַ־צוגעקומענע לייענער — דאָס זײַנען דאַרע דעמאָווסקאַיאַ און ציליע ראַדאָוואָלסקאַיאַ. באַ מיר איז אַ פֿרייד, ווען איך זוך אויס אַ נײַעם לייענער: ליב און טײַער איז מיר דער זשורנאַל. אָפֿט לייען איך אים פֿאַר נאָענטע און באַקאַנטע, וואָס באַהערשן בלויז דעם מינדלעכן ייִדיש. מיט גרויס האַנאָע הערן זיי מיך. איך מיין, אַז פֿריִער צי שפּעטער, נאָר איך אָט די כאַווײרים וועלן ווערן זעלבשטענדיקע אַבאָנענטן".

פֿופֿציק יאָר וווינט אין ביראָבידזשאַן טאָניאַ פֿרימבערג. העכער 35 פֿון זיי איז זי אַ לערערן. זי לייענט רעגולער די ווערק פֿון די ייִדישע סאָ־וועטישע שרײַבער, וועלכע דערשײַנען אין אַ בוך־פֿאָרם און אין זשורנאַל. בכלל איז זי צופֿרידן מיט דעם אַלגעמיינעם מאַצעוו פֿון דער ליטעראַטור־סוויוווע. איינס געפֿעלט איר ניט: די צאָל פֿון ייִדיש־לייענענדיקע ביראָביד־זשאַנער טוישווים וואָלט געדאַרפֿט זײַן אַ סאַך אַ גרעסערע, איידער זי איז אַציַנד. זי, סאָניע פֿרימבערג, לאָזט ניט צורו ניט זיך אַליין, ניט די כאַווײרים, וואָס לויט זייערע באַשעפֿטיקונגען זײַנען זיי מעכוייעוו זאָרגן פֿאַר דער אַבאָנירונג, און, נאַטירלעך, דעם אויפֿעם, וואָס קען ייִדיש און וואָלט

געדארפט רעגולער לייענען יידישע ביכער און דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“.

מיסטאמע וועט ניט זײַן איבעריק צו באמערקן, אז פאר געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער נאָמינירט קיינער קיינעם ניט; די רעדאקציע באשטימט ניט, ווער עס וועט אויספילן אָט די פליכטן. די געזעלשאפטלעכע פליכטן נעמען אַף זיך אליין יענע, וואָס פארשטייען, אז טאָן עס איז אן ערע. עמעס, אין אלע פאלן ווייסט די רעדאקציע, ווער פון די פארערער פונעם זשורנאל, ווו און וויאַזוי עס פארנעמט זיך מיט איניען. וועגן דעם דערציילן בריוו, סײַ פון די, וועמען די געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער האָבן צונויפגעפירט מיטן זשורנאל, סײַ פון די ענטוזיאסטן־פארשפרייטער גופא, באזונדערס, ווען זיי באשליסן זיך ווענדן צו אונדז נאָך הילף אין דער ארבעט, ווי עס האָבן, לעמאָשל, לעצטנס געטאָן מאָטל נאַרקין און סעמיאָן גישטאדט פון דער שטאָט כערסאָן. „מיר פארנעמען זיך מיט פארשפרייטן דעם זשורנאל, — שרײַבן זיי אין רעדאקציע. — מיר וואָלטן אײַך געווען זייער דאנקבאר, ווען איר שיקט אונדז צו צײַגענישן, אז מיר טוען א וויכטיקע, פאראנטוואָרטלעכע ארבעט“. פארשטייט זיך, אז די געהעריקע צײַגענישן זײַנען צו די כערסאָנער כאווײרים איבערגעשיקט געוואָרן.

אין אויסלאנד זײַנען בא אונדז קיין געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער ניטאָ. בלויז פירמעס אין פארשיידענע מעדינעס. ווײַזט אויס, אז דאָ האָבן מיר א ביסל ניט דערארבעט. וועגן דעם זאָגן איידעס בריוו, וועלכע קומען אָן פון מאָל צו מאָל אין רעדאקציע. כאַים אַרטענבערג פון דער שטאָט ברוקלין אין אמעריקע האָט מאכמעס פארשיידענע סיבעס א גאנץ יאָר ניט געקאָנט באשטעלן „סאָוועטיש היימלאנד“. ווען ס׳וואָלט אינעם שטאט ניו־יאָרק געווען כאָטש איין געזעלשאפטלעכער פארשפרייטער, וואָלט דער איניען געקאָנט געלייזט ווערן פראָסט. אָבער אין דעם פאל האָט קיינער פון אַרטענבערגס פרײַנט ניט געהאט די געלעגנהײַט אים אונטערזאָגן, וווהין זיך ווענדן מיט זײַן דײַגע. „טײַערע פרײַנט פון „סאָוועטיש היימלאנד“, — איז ער געצווונגען געווען זיך ווענדן דירעקט צו אונדז, — כ׳קום צו אײַך מיט א ביטע. שוין 25 יאָר לייען איך אײַער זשורנאל. איך בין זייער צופרידן. ליידער, מאכמעס די שלעכטע פאָטשט־באציִונגען צווישן אונדזערע מעלוכעס באקום איך שוין ניט א גרויס שטיקל צײַט די אויסגאבע. העלפט מיר אויפצושטעלן די אבאָנירונג“. פארשטייט זיך, אז מיר האָבן טייקעף איבערגעשיקט כאַים אַרטענבערגן דעם אדרעס און דעם טעלעפאָן 881-59-73 פון דער פירמע אין

דעם שטאַט מערילענד, אין וועלכער אונדזער לייענער קאָן באַנייען די אבאָנירונג אפן זשורנאַל.

אַן אנאַלאָגישן בריוו האָט צוגעשיקט אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" ראַלף קראַמער, אויך פון אמעריקע, שטאַט ניו־יאָרק. „איך ווייס ניט, וועמען צו שיקן דעם אָפּצאָל פאַרן זשורנאַל, — קלאָגט ער זיך. — ווענדע איך זיך צו אייַך, איר זאָלט זייַן אזוי גוט און לאָזן מיר צו וויסן". אויך אין דעם פאַל איז אונדזער ענטפער געווען א גיכער און א קאָנקרעטער.

פון דער מייַרעוו־דייַטשישער שטאָט פראַנקפורט־אף־מייַן האָט אונדז צוגעשיקט א בריוו אַרנאָ לוסטיגער. „מיר, א גרופע יידן, וועלכע שטאַמען פון פוילן, — שרייַבט ער, — בעטן אייַך, איר זאָלט אונדז אבאָנירן אפן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אף א גאַנץ יאָר. מיר ווילן אים באַקומען אינדערהיים". טאָן א טויווע די מענטשן פון דער דייַטשישער בונדעס־רעפובליק איז געווען ניט די סאַמע קאָמפּליצירטע זאַך. ס'לאָזט זיך אויס, אז „די פרעסע־פערטריבס־געזעלשאַפט", וועלכע פאַרנעמט זיך מיט דער אבאָנירונג פון אונדזער זשורנאַל, האַלט איר שטאַב־קוואַרטיר טאַקע דאָרט אין פראַנקפורט־אף־מייַן, אף דער בירזענשטראַסע, 13־15. וועגן דעם האָבן מיר אינפאָרמירט אומפאַרזאַמט אונדזער מייַרעוו־דייַטשישן קאָרעספּאָנדענט.

עטוואָס פאַרוואונדערט מיט זייַן באַקאַנשע האָט אונדז וואַלטער עקריך פון סטעגען, אין מייַרעוו־דייַטשלאַנד. ער וויל קויפן באַזונדער אייניקע שויין פון לאַנג אַרויסגעגאַנגענע ביכלעך פון דער בייַלאַגע צום זשורנאַל, און צוליב דעם שיקט ער אונדז אַרויס צען רובל אין סאָוועטישע קופּיורן. וואַלטער עקריכס באַקאַנשע האָבן מיר באַפרידיקט מיט גרויס מי, אָבער דערבייַ געטראַכט, אז בעסער וואָלט געווען, ער זאַל עס טאָן ניט אף די שפּעטע סטאַדיעס, באַצייַטנס אויסשרייַבן „סאָוועטיש היימלאַנד", וויסן דעם אדרעס פון דער נאָענטער פירמע בא אים אין לאַנד, וועלכע איז בעקויעך מיטהעלפן צו לייזן אזא שוועריקייַט.

כאַים פראַנק פון דער שטאָט מינכען אין דער דייַטשישער פעדעראַטיווער רעפובליק איז, ווייַזט אויס, א מענטש, וואָס אויב עפּעס־וואָס באַקומט זיך בא אים ניט לעכאַטכילע, ווערט ער ניט ניספּאָעל, און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, זייער גוט. אָט וואָס מיר לייענען אין זייַן בריוו, וועלכער איז, ווי מיר וועלן באַלד זען, ניט גלייַך איבערגעגעבן געוואָרן דער רעדאַקציע מיצאַד כאַווײרים פונעם פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל". „געערטע הערן! דאָס

צווייטע מאָל ווענדע איך זיך צו אײַך דורכן פאַרלאַג. נאָך מיט א סאך יאָרן צוריק, אין 1981, זײַנען צו מיר אין די הענט צופעליק אַרײַנגעפאַלן אייניקע נומערן פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד”, וועלכער דערשײַנט אין אײַער פאַרלאַג. די דאָזיקע העפטן, ווען איך האָב זיי איבערגעלייענט, האָבן אויף מיר געמאַכט א שטאַרקן אײַנדרוק. איצט איז מײַן פראַגע אזא — צי קאָן מען דעם זשורנאַל בײַ אײַך אויסשרײַבן? און אויב יאָ, איז וויאַזוי באַצאָלט מען פאַר דער אַבאָנירונג?”

מיר האָבן געענטפערט דעם פרײַנט כאַים פראַנק, אז ער האָט א מעגלעכקײַט צו קריגן ניט נאָר דעם זשורנאַל, אויך א געהעריקע אינפאָרמאַציע וועגן דער דערשינענער אין סאָוועטנפאַרבאַנד ייִדישער ליטעראַטור, וואָס ער לעכצט צו קריגן, — דאָס אַלץ קאָן ער באַקומען בײַ זיך טאַקע אינדערהיים, אין זײַן ווינשטאָט, אין דער פירמע קובאַן און זאַגנער.

אין עמעראַלד, אין דער ווײַטער אויסטראַליע, ווױנט א ייִד ג. ראָבערטסאָן. ער שרײַבט: „אינעם קאַטאַלאָג פון דער מעלוכישער ביבליאָטעק האָב איך געפינען דעם אַדרעס פון אײַער ייִדישן זשורנאַל, און מיר האָט זיך פאַרגלוסט אים אויסשרײַבן. איך מיין, אז מיט זײַן הילף וועל איך זיך קאָנען גענויער באַקאַנען מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד. טיילט מיר מיט, וויפל דאַרף מען צושיקן געלט?” ג. ראָבערטסאָן האָט אינדזער אַדרעס אָפּגעשריבן, אָבער וואָס זאָל טאָן אַן אַנדער אויסטראַליער טוישעוו, אויב ער האָט ניט קיין צוטריט צום קאַטאַלאָג פון דער מעלוכישער ביבליאָטעק? וויאַזוי דאַרף ער באַקומען א דירעקטן אַרויסגאַנג צום זשורנאַל? נאָר ווײַזט אויס, אז ניסים זײַנען פונדעסטוועגן יאָ פאַראַן. ווער עס וויל, געפינט א מעגלעכקײַט צו לעשן דעם דאָרשט נאָכן עכטן ייִדישן ליטעראַרישן וואָרט. א בריוו פון דער זעלבער אויסטראַליע האָט אונדז דערציילט, אז דאָרט, אין דער שטאָט מעלבורן, ווױנט א מענטש, וועלכער פאַרמאָגט קימאַט דעם גאַנצן קאָמפּלעקט פונעם זשורנאַל פאַר אַלע זײַנע העכער פינף און צוואַנציק יאָר. דער נאָמען פונעם לייענער איז ווילענסקי. מיר ווילן האָפן, אז דעם וועג צו אונדזער זשורנאַל וועלן געפינען אויך גאַוריעל ווײַנשטיין פון דער שטאָט האַוואַנאַ (קובע), אַנשל שנײַדערמאַן פון טאָראָנטאָ (קאַנאַדע), בערעק אָפּענגיימער פון דער עסטרײַכישער הויפּט־שטאָט ווין. די דאָזיקע און פיל אַנדערע אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד” ווילן ווערן באַשטענדיקע לייענער פונעם זשורנאַל. וויאַזוי צו העלפן זיי — וועגן דעם איז קעדײַ א קלער טאָן ניט נאָר די פירמעס, וואָס פאַרנעמען זיך פּראָפעסיאָנעל מיטן פאַרשפּרייטן

דעם זשורנאַל אויסער די גרענעצן פון אונדזער לאַנד, — עס קאָנען לויטן געזעץ פון פריַינטשאַפט דאָ צוהעלפן אויך די לייענער־וועטעראַנען. אַלנפאַלס, ס׳איז ווינטשנסווערט, עס זאָלן אויסגעמיטן ווערן פאַרדריסלעכע מיספאַרשטייענישן, לעמאָשל, אַט אַזאַ. סאַמועל דראָזנין פון לאָס־אַנדזשעלעס האָט איבערגעשיקט דריַיצן דאָלאַר דער פירמע „זנאַניע אימפּאָרטס" אין סאַן־פראַנציסקאָ און געבעטן, מע זאָל אים אַבאָנירן אויף „סאָוועטיש היימלאַנד". דעם זשורנאַל באַקומט ער אָבער ניט. זוכנדיק אַן אויסוועג, האָט ער דעם פינאַנץ־דאָקומענט איבערגעשיקט צו אונדז אין רעדאַקציע. ביזוואַנען דער פאַרפּלאָנטערטער איניען וועט זיך אויסקלאָרן, האָבן מיר געשענקט אונדזער פריַינט דריַי נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד". מיר האָפן, אַז לייענענדיק זיי, וועט ער לייַכטער איבערטראָגן די פאַרשלעפּעניש...

וועגן דעם, אַז דאָס וואָרט פון „סאָוועטיש היימלאַנד" ווערט הויך געשעצט אין אויסלאַנד, זאָגן איידעס פּילצאָליקע בײַשפּילן. אָט, אַשטייגער, אַזאַ פאַל: אַ מענטש קלײַבט זיך איבערפאָרן פון איין דירע אין אַ צווייטער, וואָרנט ער אונדז פאָרויס, מע זאָל וויסן, אַז זײַן אַדרעס בײַט זיך, און דער זשורנאַל זאָל אים צוגעשטעלט ווערן אָן פאַרשפּעטיקונג שױן אין דעם נײַעם וווינאָרט. עמעס, מוישע זוכמאַן ווערבער (אַזוי רופט מען אונדזער קאָרעספּאָנדענט) ווייסט ניט, אַז מיט דער טראַנספּאָרטירונג פון דער אויסגאַבע צו די אַבאָנענטן פאַרנעמט זיך ניט די רעדאַקציע, נאָר די אַגענטור „מעזשדונאַראָדנאַיאַ קניגאַ". ס׳מאַכט ניט אויס, דער איקער איז דאָס, וואָס אונדזער בעלגראַדער לייענער וועט ניט בלײַבן אָן דעם זשורנאַל אויף קיין איין חודעש.

ביכלאַל זײַנען פּראָבלעמען אין דער אַבאָנירונג אויף „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַראַן געוויס אויך בײַ אונדז אין לאַנד. אין אייניקע בריוו ווערט געשטעלט די פראַגע, אַז דער זשורנאַל זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אויף צוויי שפּראַכן — יידיש און רוסיש. אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן רוקן אַרויס פאַרשיידענע מאָטיוון לטובֿת דער צווייִשפּראַכיקייט פון „סאָוועטיש היימלאַנד". קוידעמקאָל באַטאָנט די מערהייט פון זיי, אַז דאָס ניט קאָנען לייענען אויף יידיש איז ניט זייער שולד. „איך וויל זיך באַקאַנען מיט די ווערק, וועלכע עס פאַרעפנטלעכט „סאָוועטיש היימלאַנד", — שרײַבט כ. מערימס פון קעשענעוו. — נאָר איך קאָן זיי ניט לייענען אין אָריגינאַל. כ׳לייג פאָר, אַז די זײַטלעך פונעם זשורנאַל זאָלן צעטיילט ווערן אַפּצווייען — אויף דער רעכטער זײַט, פון רעכטס אויף לינקס, זאָל געדרוקט ווערן דער יידישער טעקסט, אויף דער לינקער זײַט, פון לינקס אויף רעכטס — די רוסישע איבערזעצונג. ס׳זײַ־

נען מעגלעך, פארשטייט זיך, אנדערע לייזונגען". אן ערעך דאָס זעלבע לייגן פאָר ד. גערצאָג פון טשירטשיק, ה. לעפלמאכער פון אופא, יא. גרינמאַן פון וואָלגאָגראַד, ב. ברויטמאַן פון זעלענאָגראַד, ש. דובטשינסקי פון דניע־פּראָפּעטראָווסק. די כאַווײרים זאָגן ארויס א האַשאַרע, אז אזא איבערגעשטעל־טיקונג פונעם זשורנאַל וועט אין פיל מאָל פארגרעסערן די צאָל אבאָנענטן.

ווען מיר האָבן אין דריטן נומער פונעם פאַריקן יאָר באקאַנט אונד־זערע לייענער מיטן ארטיקל „איך בין א לייענער" און אין אים ציטירט א. פּיאַטנאָווסקיס מיינונג וועגן טיילן דעם זשורנאַל אף דער העלפט — אשטיי־גער, ניינציק זייטלעך פון רעכטס אף לינקס אף ייִדיש, ניינציק זייטלעך פון לינקס אף רעכטס — איבערזעצונגען אין רוסיש, האָבן מיר גלייך נאָך דער פּובליקאַציע באקומען א סאך בריוו מיט נעגאַטיווע אָפּרופן. די קיעווער לייענערן א. דרוקערמאַן האָט אָנגעשריבן א גענויע דערווידערונג. „נעכטן איז בא מיר געווען א רייכע פאָטשט! — דערציילט זי. — כ'האָב באקומען דעם זשורנאַל. אין אזא טאָג לייג איך אָפּ אלע היימישע ארבעטן. שטייענ־דיק און גייענדיק, לאָז איך ניט ארויס דעם נומער פון די הענט. אליין לייען איך מיט געפיל און מיט טאַלק. באזונדערס האָב איך שטודירט פּיאַטנאָווס־קיס בריוו פון טאשקענט. א פיינע מייסע — טיילן דעם זשורנאַל אף כאלאָקים! אף כאלאָקים קאָן מען טיילן לעקעך, נאָר ניט א זשורנאַל. איך בין קעגן! ניט נאָר קעגן, איך בין אופגעבראַכט". און ווייטער איז א. דרוקערמאַן גרייט צו דערווייזן, אז לייענען און שרייבן אף ייִדיש קאָן מען זיך גרינג אויסלער־נען, אויב עס איז פאראַן כיישעק. „אלץ קאָן מען, ווען מע וויל, — שרייבט זי. — איך האָב מיט דריי קליינע קינדער געאַרבעט און פארענדיקט דעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. מע דאַרף צולייגן קויכעס! איך וויל ניט, אז דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָל פארלירן זיין ספּעציפישן טאַם, זיין היי־מישקייט, זיין ביין־פינטעלע".

דער כאַרקאָווער לייענער ג. ליובאָמירסקי איז אויך ניט מאַסקים מיט ס. פּיאַטנאָווסקיס פאָרשלאָג: „פּאַקטיש ווערט פאָרגעלייגט איינגיין אף דעם, אז א ייִדישער זשורנאַל זאָל עקזיסטירן אָן דער ייִדישער שפּראַך. פּראָוון א כאַסענע אָן דער קאַלע. איך האָב ליב דעם זשורנאַל ניט נאָר דערפאַר, וואָס עס אינטערעסירט די ייִדישע טעמאַטיק, מיר איז טייער די ייִדישע שפּראַך אָן און פאַר זיך, די שפּראַך פון אונדזערע עלטערן, דאָס מאַמע־לאָשן. ס'איז אוואדע א כילעל־האַשעם, ווען אייניקע דערמאָנען זיך וועגן

ייִדיש, ווען זיי ווערן פענסיאָנערן. ווינטשנסווערט, אז מיט ייִדיש זאָלן זיך פארינטערעסירן יוגנטלעכע, אפילע קינדער".

און ער זעצט פאָר: „שוין צייט, דער זשורנאל זאָל זיך ערנסט א קער טאָן מיטן פאָנעם צום קליינוואַרג, עפשער — אין די ביילאגעס, עפשער מאכן די רובריק „פאר קליין און גרויס" פאר א באשטענדיקער, זי זאָל זיין א פארביקע, א פריילעכע, מיט איין וואָרט — א צוציִענדיקע. דאן וועלן כאָטש אין די מישפאָכעס, וואָס אבאָנירן דעם זשורנאל, די קינדערלעך זיך באהעפטן מיט דער שפראך, איבערהויפט נאָך, אז די אויסיִעס פון דער רובריק וועלן אויסגעזעצט ווערן אין א פארגרעסערטן קעגל. אגעוו, ניט בלויז די קינדער — די דערוואקסענע, וואָס ווילן דערלערנען ייִדיש, וואָלטן געקאָנט אויסניצן די דאָזיקע פובליקאציִעס. האָט ניט קיין פאריבל אף מיין אקשאָנעס..."

אזעלכע געדאנקען און פאָרשלאָגן זאָגן ארויס אין זייערע בריוו א סאך אונדזערע קאָרעספאָנדענטן.

פון דער פרישער פאָטשט דערוויסן מיר זיך וועגן נייע פאקטן פון ליבע צו ייִדיש, וועלכע ווערט ארויסגעבראכט מיט פאראנטוואָרטלעכקייט און גרייטקייט ביי־צוקומען שוועריקייטן. אזא ביישפיל ווייזט ארויס, לעמאָשל, פיניע קאליקא פון באקו. דאָס האָבן זיינע באמיִונגען היפש פארגרעסערט די צאָל אנאָנענטן פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" אין דער הויפּט־שטאָט פון אזערבייִדזשאן; דאָס האָט ער אויסגעלערנט לייענען און רעדן אף ייִדיש עטלעכע שילער פון דער שול, ווו ער ארבעט אלס לערער. רעגולער, אין משך פון א יאָר צייט האָט פיניע קאליקא איין מאָל אין וואָך שטודירט מיט די שילער פונעם זיבעטן קלאס דעם נייעם ביראָבידזשאנער „אלעפבייס", און די יאטן האָבן די אָנפאנג־איוורע טאקע באהערשט. באם לערער פיניע קאליקא איז פאראן אן אָפיציִעלע דערלויבעניש פונעם בילדונג־מיניסטעריום אף צו שאפן א גרופע, וואָס דערלערנט ייִדיש.

אגעוו, פיניע קאליקא באטייליקט זיך אקטיוו אין דער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט פאר פארייביקן די נעמען פון סאָלדאטן, געפאלענע פארן היימלאנד, פון ווידערשטענדלער און קדושים. אין צוזאמענהאנג מיט דעם וועלן מיר דאָ ציטירן דעם בריוו, וועלכן פיניע קאליקא האָט געשיקט צו דעם פאָרזיצער פונעם טערנאָפאָלער שטאָטסאָוועט כאווער א. קוטשערענקאָ: „איר באהויפטעט, אז די טערנאָפאָלער היטן אָפּ הייליק דעם אָנדענק פון די באפרייער פון דער שטאָט און פון די אָנטיילנעמער פונעם ווידערשטאנד. דאָס איז פארשטענדלעך! אין אונדזער לאנד קאָן אנדערש ניט זיין. נאָר איך האָב אייך

געפרעגט ניט ביכלאַל וועגן דעם, צי עס ווערט אין טערנאָפּאָל פאַרהיט דער אָנדענק פון די געפאלענע און וויפל דענקמעלער עס זײַנען אופגעשטעלט געוואָרן אין דער שטאָט. איך האָב זיך בא אײַך אָנגעפרעגט וועגן קאָנקרעטע מענטשן, וועגן קאָנקרעטע געשעענישן. צום בײַשפּיל, עס גייט א רייד וועגן צוויי גרופּעס אמערסטן אווטאָריטעטע אין דער שטאָט ייִדן, וועמען די פאשיסטן האָבן געטראכט ארײַנארן אין באשטאַנד פונעם יודענראט און וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ווערן פאַרטעטער, אָנגענומען א העראָ־ישן מארטירער־טויט, נאָר זיך ניט אונטערגעגעבן. די ערשטע גרופּע — פופצן מענטשן. מע האָט זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט לעם דעם ציגל־זאַוואָד. אייניקע נעמען זײַנען באַוווסט: איסאַק גינזבורג, סאמויל ווײַסמאַן, איסאַק בערזען — דאָס זײַנען געווען באַוווסטע דאָקטוירים אין עלטער פון 45—50 יאָר. אַן אנדערס מאָל האָבן די פאשיסטן אין זייערע אָרטיקע אינטערלעקער צונויפגעזאמלט פערציק מענטשן און באַפוילן, זיי זאָלן ארײַן אין באשטאַנד פונעם יודענראט. ווען אויך זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט דינען די אָקופּאַנטן, האָט מען זיי אוועקגעטריבן צום בעסוילעם, געצוווּנגען אויסגראָבן א גרוב, איבערגעבונדן זיי מיט שטעכלדראָט, אראָפּגעשטופּט זיי אין דער גרוב און אויך לעבעדיקערהייט פאַרשאָטן מיט ערד. צווייען, קאָפּעלעוויטשן און גאָטפרידן, האָט מען צוערשט איבערגעלאָזט לעבן, נאָר עטוואָס שפּעטער אויך דערהארגעט נאָכדעם, ווי מע האָט זיך איבער זיי סאדיסטיש איזדיעקעוועט. די פאשיסטן האָבן געהאָפּט אָפּזוכן פאַרטעטער, אָבער אָנגעשטויסן האָבן זיי זיך אַף העלדן, עכטע סאָוועטישע מענטשן.

אויב אין טערנאָפּאָל איז בעעמעס קיינער ניט פאַרגעסן געוואָרן, דאַרף וועגן אָט די געשעענישן וויסן די יוגנט, עס דאַרפן אופגעשטעלט ווערן מעמאָריאַל־ברעטער, דענקמעלער. איך בעט, מע זאָל מיך אינפאָרמירן, וואָס בא אײַך איז אופגעטאָן געוואָרן אין אָט דער הינזיכט". א קאָפּיע פון זײַן בריוו א. קוטשערענקאָן האָט פ. קאַליקא צוגעשיקט אין רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד".

אין דער לעצטער צײַט ווענדן אַלץ אָפטער אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן זייערע בליקן צו דער ניט ווײַטער פאַרגאנגענהײַט, צום העראָ־ישן קאמף פון די סאָוועטישע מענטשן באַם פאַרטיידיקן דאָס היימלאנד. צומאָל ווערט עס געטאָן מיט הארצרײַסנדיקער לאַקאָנישקײַט, אַף א קנאַפּ זײַטעלע פּאַפּיר. ס'קומען אויך אָן אין רעדאקציע פּאַקעטן מיט דערציילונגען, זיכרוינעס, ביאָגראפיעס, באַשרײַבונגען פון אייַנצלנע פאַקטן.

דאָרע הירשענהאָרען פון באַברויסק שרײַבט: „דעם זשורנאַל לייען איך פונעם 1983 יאָר. איך געפין אין אים אָפּטמאָל אזוינס, וואָס איך ערגעץ וועגן דעם שרײַבט מען ניט. מ'האָט מיר געזאָגט, אז דעם זשורנאַל האָט מען באַלוינט מיטן אָרדען „דרוזשבא נאַראָדאָוו". באַגריס איך אים און ווינטש דערפאָלג. ווען מיר לייענען — איך און מײַן מאַן — אין „סאָוועטיש היימלאַנד" וועגן די געהארגעטע אין דער מלחמה, דערמאָנט ער זיך וועגן זײַנע צוויי ברידער, געפאַלענע אין די שלאַכטן, און וויינט ווי א קליין קינד. איינער איז שײַעל וויכמאַן, דער צווייטער — אבראַשע וויכמאַן. וועגן אבראַשען איז אָנגעקומען א פּאַכאַראָנקע. מײַן מאַן דערמאָנט זיך אויך וועגן זײַנע זעקס שוועסטערקינדער, וועלכע זײַנען אומגעקומען אפן פראָנט. דאָס צעטל פון די אומגעקומענע לייג איך דערבײַ צו. דאָס צעטל האָט מיר געגעבן זייער א ברודער שײַעל קאַצנעלסאָן. ווען ער קומט צו גיין צו אונדז, לייען איך אים דעם זשורנאַל".

אָט דאָס צעטל האָבן מיר געלייענט מיט ווייטיק און דערעכערעץ. מיר פאַרעפנטלעכן עס דאָ, און זאָל עס דינען ווי אן איפּשריפט אף זייערע אומבאַוווסטע קוואָרים:



קאַצנעלסאָן מאַקס, געבוירן אין 1899,
אומגעקומען לעם דניעפּראָפּעטראָווסק
קאַצנעלסאָן וולאַדימיר, געבוירן אין 1903,
געפאַלן הינטער וויטעבסק
קאַצנעלסאָן יאַקאָוו, געבוירן אין 1904,
אומגעקומען אין פּערעמישל
קאַצנעלסאָן פיליפּ, געבוירן אין 1906,
אומגעקומען אין לענינגראַד בייס דער בלאָקאַדע
קאַצנעלסאָן סאָלאָמאָן, געבוירן אין 1907,
אומגעקומען אין לענינגראַד בייס דער בלאָקאַדע
קאַצנעלסאָן מיכאַיל, געבוירן אין 1909,
געפאַלן אין דער ברעסטער פעסטונג



שמועל שוצמאַן פון טערנאָפּאָל האָט אינפאָרמירט די רעדאַקציע וועגן דעם, וויאַזוי זײַנע לאַנדסלײַט גרויסן זיך מיט דער גוורע פון טוויע רײַז,

װעלכער האָט, װי אַלעקסאַנדער מאַטראָסאָװ, פֿאַרשטעלט מיטן אײגענעם גוף די אַמבראַזור פֿון אַ דאָט. ער איז ניט אומגעקומען, פֿאַרלאָרן בלױז די רעכטע האַנט. דאָס איז פֿאָרגעקומען באַם טײַך שערװינטע צװישן קאָרבאַנעס און דער קאַלינינגראַדער געגנט. דאָס ייִדישע באָכערל פֿונעם שטעטל קרעמענעץ, טערנאָפּאָלער געגנט, האָט באַװוסטזיניק אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, קעדײ זײַנע כאַװײרים זאָלן קאָנען זיגן מיט אַ מינימאַלער צאָל קאָרבאַנעס, און עס איז פּאַשעט אַ נעס, װאָס ער איז ניט געפֿאַלן טױט און נאָך קימאַט פֿערציק יאָר נאָכן קריג געדינט ערלעך דעם הײמלאַנד.

אונדזער האַמעלער קאָרעספּאָנדענט גריגאָרי קאַפּלאַן, מיטײלנדיק װעגן דעם, אַז ער לײענט „סאָװעטיש הײמלאַנד" פֿונעם 1961 יאָר, פֿון זינט דער זשורנאַל דערשײַנט, שרײַבט װײַטער װעגן באַמערקטע דרוקפֿעלערן אין באַזונדערע נומערן: „ס'איז פֿאַרדריסלעך, װען אין אַ מאַטעריאַל, װאָס פֿאַרמאָגט אַן אינפֿאָרמאַטיװן כאַראַקטער, טרעפֿן זיך אומפּינקטלעכקײטן. אַזױ, לעמאָשל, איז אינעם נומער פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד" פֿאַרן 1986 אױף דעם זײַטל 167 אָנגעװיזן, אַז אױפֿן קאָנצערט פֿונעם אַנסאַמבל „פֿרײלעכס" אין דער שטאָט פּאָלאָצק איז בײַגעװען דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם קולטור־מיניסטער פֿון פּססר י. מ. מיכנעװיטש. דאָס איז בעפּײרעש אַ גרײַז. י. מיכנעװיטש האָט קײנמאָל אין קולטור־מיניסטעריום פֿון פּססר ניט געאַרבעט, ער איז דער קולטור־מיניסטער פֿון װײַסרוסלאַנד. אױפֿן זײַטל 168 איז ניט ריכטיק אָנגעװיזן דאָס געבורט־שטעטל פֿונעם דיכטער ראָדין: אין זשורנאַל שטײט „מטשיסלאַװ", עס דאַרף זײַן „מסטיסלאַװל". אױף דעם זײַטל 169 איז געזאָגט געװאָרן, אַז דער באַװוסטער רעזשיסער גריגאָרי ראָשאַל איז געבױרן געװאָרן אין שטעטל נאָװאָזיבקאָװ, סמאָלענסקער געגנט. די געגנט איז אָנגערופֿן פֿעלערהאַפֿט. לױט דער עקזיסטירנדיקער טײלונג געהער נאָװאָזיבקאָװ ניט צו דער סמאָלענסקער, נאָר צו דער בריאַנסקער געגנט. אױב עס גײט אַ רײד װעגן דער פֿאַר־רעװאָליוציאָנערער טײלונג, זײַנען דעמלט געװען גובערניעס.

לעסאָף, אין רעזומע צום מײַ־נומער פֿאַרן 1986 װערט געמאָלדן, אַז עס זײַנען דאָ רעצענזיעס פֿון מ. טשלענאָװ און װ. אַראָנאָװ, אָבער די צוגעזאָגטע אַרטיקלען זײַנען ניטאָ. אַזעלכעס טרעפֿט אױך אין אַנדערע נומערן פֿונעם זשורנאַל.

האָט ניט קײן פֿאַריבל אױף מײַן „בוכשטאַבפּרעסערײַ", איר מעגט מיר גלײבן, אַז דאָס טו איך צוליבן קאָװעד פֿון מײַן באַליבטער צײַטשריפֿט".

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אונדזער קריטיקער איז שוין אַ מענטש ניט גאָר קיין יונגער — אַ בען־שיווים איז ער געוואָרן, ביז הונדערט מיט צוואַנציק, נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק. בייס דער מילכאָמע איז ער געווען אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע — רעדאַגירט די געגנטלעכע אונטערערדישע צײַטונג „באָלשאַוויק פּאָלעסיאַ". אַזוי אַז דאָס זײַן אַן אויפמערקזאַמער לייענער איז בא ג. קאַפּלאַנען אַ פּראָפעסיאָנעלער שטריך. נאָך דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע איז גריגאָרי קאַפּלאַן געווען אַ פּאַרטיי־טוער, געאַרבעט צוערשט אין דעם פּאָלעסיער, דערנאָך אין דעם האָמעלער געגנטקאָם פון דער פּאַרטיי. איצט איז ער אַ פּענסיאָנער, ער האָט אונדז צוגעזאָגט אַליין אָנשרײַבן וועגן זיך. נאָר ביז וואָס־ווען ווילן מיר זאָגן וועגן אים עטלעכע ווערטער.

אין מעשעך פון די ערשטע צוויי כאָדאָשים פונעם קריג מיט די פאַשיסטן האָט ג. קאַפּלאַן פאַרגעזעצט צו רעדאַגירן די ראַיאָנישע צײַטונג פון יעלסק „קאָלגאָספּנאַיע זשיציאַ". דער לעצטער נומער פון אָט דער צײַטונג איז דערשינען דעם 22 אויגוסט 1941. אינדערפרי איבערגעגעבן דעם טיראַזש דער פּאָטשט, די דרוק־מאַשין דעמאָנטירט און באַגראָבן, די שריפטן באַהאַלטן. דעם 23 אויגוסט איז קאַפּלאַן אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. לעכאַטכילע אויף אַ שרײַבמאַשינקע געשאַפן פלוגבלעטלעך. דערנאָך, אין פעוראַל 1943, אָנגעהויבן אַרויסלאָזן די געגנטלעכע פּאַרטיזאַנישע צײַטונג. אַ פּאָרטאַטיווע דרוק־מאַשין האָט דער סעקרעטאַר פונעם פּאָלעסיער געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט פּ. יוזיקאָוויטש געבראַכט צו פירן פון מאָסקווע אינאיינעם מיט אַ קליינעם זאַפּאַס צײַטונגס־פּאַפּיר. דער ערשטער נומער פון דער צײַטונג „באָלשאַוויק פּאָלעסיאַ" איז אַרויס מיט אַן אָנפאַנג־טיראַזש פון 500 עקזעמפּליאַרן. פאַר אַ יאָר צײַט זײַנען דערשינען 80 נומערן. דער לעצטער נומער איז אַרויס אין אונטערערד דעם 6־טן יאַנוואַר 1944.

די אָרדענס פונעם רויטן שטערן און פון דער רויטער פאָן, און שוין אין פערציק יאָר אַרום — דעם אָרדען פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָט גריגאָרי קאַפּלאַן פאַרדינט ערלעך.

דאָריע טשערווינע האָט צוגעשיקט אין רעדאַקציע אַזאַ בריוו: „איך בין אַ לייענערן פון אײַער־אונדזער זשורנאַל. פריער פאַר אַלץ וויל איך זיך אַנטשולדיקן פאַר מײַן שרײַבן מיט פעלערן — איך האָב פונעם 1939 יאָר ניט געשריבן אויף ייִדיש, כאָטש דעם זשורנאַל לייען איך, קאָן מען זאָגן, פון אָנהייב אָן. צוערשט פלעג איך „סאָוועטיש היימלאַנד" קויפן אין קיִאָסק, איצט אַבאָנירט איך זיך.

אין פינפטן נומער פארן 1986 האָב איך געלייענט וועגן די העלדן פון סאָוועטנפארבאנד — יידן. מיין שוועסטערקינד קאָנאָוואלאָוו איז אויך א העלד פון סאָוועטנפארבאנד. איר האָט וועגן דעם געשריבן אין דער ביילאַגע צו „סאָוועטיש היימלאנד". איצט האָב איך באקומען א בריוו פון די אָנפירער פון אונדזער ראיאָן, מע בעט זיין ביאָגראפיע און אנדערע מאטעריאלן.

אין ראיאָן זיינען שוין פאראן ביין העלדן, און ער וועט זיין דער צענטער. מע וויל שטעלן א ביוסט וולאדימירן און גרינדן א מוזיי. כוץ דעם, וויל מען אָנרופן דאָס דאָרף, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, אף זיין נאָמען. מיין שוועסטערקינד איז געבוירן געוואָרן אין דער קאָלאָניע נאדיאָזשנע, אין געוועזענעם ביי־זלאטאָפּאָלער ראיאָן, זאפּאָראָזשיער געגנט".

צום באדויערן, טרעפן מיר זיך אויך אָן מיט אזעלכע פאקטן, וואָס רופן ארויס א פארדראָס. אונדזער קאָרעספּאָנדענט פון כארקאָוו א. יאָסעלעוויטש טיילט מיט, לעמאָשל, אז דער סאָוועט פונעם דאָרף כאָלמער האָט אָנגענומען א באשלוס צווייגעבן דעם נאָמען פון א. לעווין איינער פון די דאָרפישע גאסן. דאָ, אין אָט דעם דאָרף, איז א. לעווין אומגעקומען. ער האָט אין סאמע אָנהייב פונעם קריג פארשטעלט מיט זיין גוף די אמבראזור פון א פאשיסטישן דזאָט. זאָל זיין מיט א פארשפּעטיקונג, נאָר א גוטע באשטימונג איז אָנגענומען געוואָרן. ס'איז שוין אָבער דורכגעגאנגען מער ווי א יאָר צייט, און דער קאלינינער געגנט־אויספּירקאָם געפינט אלץ ניט קיין מינוט, קעדיי זי צו באשטעטיקן און פארגעזעצלעכן. דער זעלבער א. יאָסעלעוויטש קאָן ניט פארשטיין, פארוואָס עס איז ביז היינט ניט פארייביקט דער נאָמען פון דער העלדנמוטיקער קיעווער אונטערערדלערן טאניע מארקוס.

מיט א וויכטיקער באקאָשע ווענדט זיך צו דער רעדאקציע יאָסל קאָסאָי, א טאשקענטער קאָמוניסט, א וועטעראן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. ער שרייבט: „איך וויל אָפּמערקן די באמיונגען, וואָס ווערן פירגענומען מיצאַד „סאָוועטיש היימלאנד" אין פראט פון פארפינקטלעכן די צעטלען פון די העלדן פון סאָוועטנפארבאנד. ס'דוכט זיך מיר אָבער אויס, אז די רעדאקציע דערפירט ניט די אָנשטרענגונגען ביזן סאמע סאָף. ס'איז נייטיק זיך איינשטעלן פאר מאשע ברוסקינע, דער „אומבאוווסטער באוווסטער", און זיך דערשלאָגן, אז איר נאָמען זאָל אויסגעקריצט ווערן קוידעמקאָל אף א דענקמאָל אין מינסק. קלערט מיר אויך אוף, וויאזוי עס קומט פאָר, אז אזא געוואגטער פאטריאָט ווי טשערקאסאָוו־עפּשטיין, וועגן וועמען סע האָט אין זשורנאל דערציילט דער שרייבער אווידי גאָרטשאקאָוו, איז נאָך ביז איצט

ניט אָפּגעמערקט מיט א הויכער מעלוכישער באלויכטונג? איך און מײַנע כאווירים, וועלכע לייענען דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", בעטן אײַך, כאָשעווע כאווירים, טוט אלץ, וואָס מע דאַרף, קעדיי די דערמאָנטע העלדן זאָלן אָפיציעל אָפּגעצייכנט ווערן".

אזעלכע קריטישע בריוו זאָגן איידעס וועגן דעם, אז אונדזערע פובליקאציעס ווערן אופגענומען מיצאד די לייענער ערנסט. דעם כאווער קאָסאָי האָבן מיר געענטפערט, אז זײַן באקאָשע פארשטייען מיר גוט, און מיר טוען אלץ, דוכט זיך, וואָס א זשורנאל איז מעכויעוו און אפילע ניט מעכויעוו צו טאָן; מיר וועלן אויך אָפּ ווײַטער זיך ניט אָפּזאָגן פון פליכטן, וועלכע זײַנען אָפּ אונדז ארופגעלייגט געוואָרן, און אוואדע פון אזעלכע, וואָס מיר האָבן אָפּ זיך גענומען אליין.

צומאָל באגעגענען מיר זיך אין די בריוו, וואָס קומען אָן אין רעדאקציע, מיט באקאנטע מענטשן, וועגן וועלכע דער זשורנאל האָט זײַנערצײַט דערציילט די לייענער. געניע רובינע פון וויטעבסק שרײַבט אין איר בריוו וועגן דער אלטער היים:

„אונדזער שטעטל אין דער וויטעבסקער געגנט, אָפּ דער גרענעץ מיטן כמאָלענסקער געביט, איז געווען ניט קיין קליינס, פיר גאסן און געסלעך, געלעבט האָבן בא אונדז עטלעכע פארמעגלעכע מענטשן און פיל באלמעלאָכעס: שוסטערס, שנײַדערס, שמידן". און טאקע צווישן די שמידן באגעגענען מיר זיך אומגעריכט מיט אָן אלטן באקאנטן. געניע רובינע זעצט פאָר: „זעקס ברידער פאָמין זײַנען געווען קאָוואליעס. דער פאָטער פונעם קאָמיסאר פון דער ברעסטער פעסטונג יעפים פאָמין איז אויך געווען א שמיד און דערצו נאָך מײַן מאנס א שוועסטערקינד. אינײנעם מיט די יידן האָבן געלעבט רוסן און ווײַסרוסן, וועלכע האָבן גוט גערעדט אָפּ יידיש". אזא מין שטריכל! די רוסן און די ווײַסרוסן, ריידנדיקע „גוט אָפּ יידיש". ניט ווייניקער אינטערעסאנט איז דאָס, וואָס דער לעגענדארער קאָמיסאר פון דער ברעסטער פעסטונג איז א דוירעסדיקער שמיד. עמעס, דערצויגן האָט אים נאָכן טויט פון די עלטערן דעם טאטנס ברודער מוליע, דער איינציקער פון די ברידער פאָמין, וועלכער איז קיין שמיד ניט געווען. דערפאר אָבער איז ער דער ערשטער פון אלע שטעטלדיקע יידן אָנגעקומען אין קאָלווירט און ביז דער סאמע מילכאָמע געווען א פויער.

„עטלעכע דוירעס האָרעפּאשניקעס האָבן ביז דער פּאשיסטישער אינוואזיע געלעבט אין אונדזער שטעטל, — זעצט פאָר געניע רובינע איר

דערציילונג. — מע האָט זיך געלערנט, גוט געאַרבעט, געווען פּאַטריאָטן. פאַר דער מילכאָמע האָט זיך אין וויטעבסקער מעדיצינישן אינסטיטוט געלערנט מײַן כאַווערטע ראָזע גאַלענקאָווע. אירע עלטערן האָבן דאַן געלעבט אין ליאָזנע. ראָזע איז געווען אַן אַקטיווע קאָמסאָמאָלקע. אַ פּאָליצײַ האָט זי אויסגעגעבן, ער האָט געזאָגט די דײַטשן, אַז זי איז אַ קאָמסאָמאָלישע אָנפירערן. מע האָט זי אופגעהאנגען. ווען זי איז געגאַנגען צו דער טליע, האָט זי געזאָגט צו די פאַשיסטן: „אַלעמען וועט איר ניט אופהענגען. אונדזער זאַך איז אַ גערעכטיקע. מירן זיגן".

מײַן שטעטעלע האָבן די מערדער פאַרבּרענט".

און ווײַטער שרײַבט געניע רובינע אין איר בריוו, אַז דאָס לעבן איז אַלמעכטיק, עס ווערט פאַרגעזעצט מיט שווערקײַטן, נאָר די היים ווערט געבויט אפסנײַ. אונדזער שול האָט מען אופגעשטעלט, זי טראָגט דעם פאָלקקאָמיסאַר יעפים פאָמינס נאָמען. אין איר לערנען זיך קינדער פון די ארומיקע דערפער".

אף פאַרשיידענע אויפאַנים וואַכט אוף דער זיקאָרן. אָט וואָס עס שרײַבט אונדזער ווילנער קאָרעספּאָנדענט ב. צוויזאָן: „דער ווילנער יידישער פאָלקסטעאַטער האָט באַוויזן אַלעקסאַנדער באַרשטשאַגאָווסקיס טראַגעדיע „די נאַכט פאַר באַבי יאַר". איך, אַ געוועזענער געטאָ־ייִד, וואָס האָט דורכגעמאַכט שיווע מעדורייי געהענעם, בין געזעסן פאַרגאַפט און געקוקט אף דער בינע, אף וועלכער עס איז געווען פאַרגעשטעלט דער בראַך פון די קיִעווער יידן. דאָס זעלבע האָט איבערגעלעבט יעדערער פון אונדז, ווער עס איז געווען אין די אָקופּירטע שטעט און שטעטלעך. די פאַשיסטן האָבן פאַרטיליקט ניט נאָר יידן — אויך אַנדערע מענטשן.

איך בין געזעסן אין זאַל, און טרערן האָבן זיך באַ מיר געגאָסן פון די אויגן, ווען כ'האָב געקוקט אפן אַלטן שנײַדער און אף זײַן מישפּאָכע, און עס האָבן זיך מיר דערמאָנט אונדזערע איבערלעבענישן אין קאָוונער געטאָ ערעוו דער גרויסער אַקציע. סאַכאַקל מיט דרײַ כאַדאָשים שפּעטער ווי אין קיעוו איז עס געווען. די זעלבע שלאָפלאָזע נאַכט, די זעלבע איבערלעבענישן, דאָס זעלבע אײַנפּאַקן די כפייצים. מיר האָבן אויך ניט געוווסט, וואָס עס וועט אונדז ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג. און טאַקע דינסטיק דעם 28 אָקטיאַבער 1941 האָט מען אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די הײַזער און סאָרטירט, ווי פּי, ווּעמען אף לינקס און וועמען אף רעכטס, דאָס הייסט —

וועֶר צום לעבן און וועֶר צום טויט. שפּעטער האָט מען אונדז געפירט צום ניינטן פאָרט..."

מיט א יאָרהונדערט צוריק, אף דער שוועל פונעם ניינעם יאָר איז געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל ראקיטנע, וואסילקאָווער אויעזד, קיִעווער גובער־ניע, מיכאיל מילנער, דער קומענדיקער קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער האָט אריינ־געבראכט א רייכן צושטייער אין דער אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער, ביפראט ייִדישער מוזיקאלער קולטור. עס דערציילט וועגן איר טאטע אין א בריוו צו אונדז דעם קאָמפּאָזיטאָרס טאָכטער רימע מילנער.

געבוירן געוואָרן איז דער קאָמפּאָזיטאָר אין אן אָרעמער מישפּאָכע. ער איז פרי געבליבן א יאָסעם, און אלס עלטסטער אינעם געזינד — כוץ אים, זיינען נאָך געווען זעקס קינדערלעך — האָט ער געמוזט ווערן א פאַרדינער, זיך אָנדינגען אף הילפס־ארבעט, אָנקומען זיך לערנען צו א גראַווירער. ער האָט פאַרמאָגט מוזיקאלע פעיִקייטן און א גוט קאָל צום זינגען. צו צען יאָר קומט ער אָן אין א כאָר, פאַרפאַסט וואָקאלישע קוואַרטעטן — וואָס עס העלפט אים אויך צו פאַרדינען אף ברויט.

מילנערס מוזיקאלע באגאבטקייט ווערט באמערקט. איינער א קיִעווער מעצענאט העלפט דעם באָכער אָנצוקומען אין דער קיִעווער מוזיקאלער שול. אין 1908 פאַרענדיקט מילנער מיט אן אויסצייכענונג אָט די שול און ווערט אָנגענומען אין דער פּעטערבורגער קאָנסערוואטאָריע, אין קלאס פון פאָר־טעפּיאַנאָ און קאָמפּאָזיציע. דאָרט לערנט ער זיך ביזן 1915.

ער איז אין פאַרשיידענע צייטן געווען קינסטלערישער אָנפירער פון דער ייִדישער מוזיקאלער געזעלשאפט, כאָרמייסטער אין פּראָלעטקולט, די־ריזשאָר פון אן אָפּערע־טעאטער. אין מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאטער פאַרוואלטעט ער מיט דעם מוזיקאלן טייל. אין כאַרקאָווער מעלוכישן ייִדישן טעאטער איז ער דיריזשאָר און לייטער פון דעם מוזיקאלן טייל.

צען יאָר — פון 1931 ביזן 1941 — פירט מילנער אָן מיטן לעניב־גראַדער וואָקאל־אנסאמבל „יעוואָקאנס", וועלכן ער האָט געגרינדעט. דער אנסאמבל פלעגט אָפּט גאסטראָלירן אין די שטעט פון אונדזער לאַנד, אין 1940 האָט ער פירגענומען א דויערנדיקע גאסטראָל־יאַזדע איבערן ווייטן מיזרעך.

בייס דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע לעבט מילנער אין לע־נינגראַד, דינט אין א קעגנלופט־שוץ־קאָמאנדע. איינצייטיק זעצט ער פאָר זיין שעפערישע ארבעט, פאַרפאַסט א מארש פארן גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער,

צען פּיעסעס פאַר א קלאַוויר, וועלכע טראָגן צוזאַמען דעם נאָמען „מוזיקאַלע סילועטן פון דער פאַטערלענדישער מילכאָמע", א ריי זינגלידער. ער זעצט אויך פאָר די אַרבעט איבער דער אָפּערע „פלאווי", לויט ל. פּויכטוואַנגערס ראָמאַן „דער יידישער קריג" און איבער א באַלעט וועגן דער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

מילנערס גרעסערע ווערק זײַנען ברייט באַוווּסט. ער האָט אָנגעשריבן, כוץ „פלאווי", די אָפּערעס „הימלען ברענען" (אויפגעפירט אין לענינגראַד אין 1923) און „דער נײַער וועג" (1933), געשאַפן סימפאָניעס, פאָעמעס, קאָנצערטן פאַר א קלאַוויר מיט אַן אָרקעסטער, סאָנאַטעס, וואָקאַלע ווערק.

א היפּש אָרט אין דער שאַפונג פונעם קאָמפּאָזיטאָר פאַרנעמט די מוזיק, וועלכע ער האָט געשאַפן קימאַט פאַר פופציק ספּעקטאַקלען אין פאַרשיידענע טעאַטערס, אַרײַנגערעכנט די יידישע טעאַטערס אין מאָסקווע, כאַרקאָוו, מינסק, טשערנאָוויץ.

אין אַן איבערזיכט פון די בריוו, וועלכע קומען אָן אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", איז פּאַשעט אומעגלעך אָנצורופן אַלע זייערע אווטאָרן און אַלע טעמעס, וואָס זיי באַרירן. כאַנע גורעוויטש פון באָברויסק, לעמאָשל, דערציילט וועגן דעם, ווי זי בענקט נאָך יידישע פאָלקסלידער. וועגן דעם זעלבן שרײַבט א. געלמאַן פון ריגע. אויך אָט די כאַווערטע איז אָפּגעבראַכט פון דעם, וואָס, ווי זי שרײַבט, מענטשן פון איר דאָר, פּערציקיאָריקע אינטערעסירן זיך ניט מיט די קולטור־אוצרעס פונעם פאָלק, קוידעמקאָל מיט דער שפּראַך, און באַזונדערס מיט די זינגלידער. „מיר געפעלט זייער דער אויסדרוק: א פאָלק לעבט, ביזוואַנען ער זינגט זײַנע לידער, — שרײַבט אין איר בריוו א. געלמאַן. — איך טראַכט, אַז דאָס איז א ביז גאָר ריכטיקער געדאַנק. יידישע פאָלקסלידער געפעלן מיר זייער. איך האָב זיי אין דער קינדהײַט געהערט, ווען בא אונדז פלעגן זיך צונויפקלײַבן די קרויווים און באַקאַנטע בייס א וואָכער־ניט־איז יאָמטעוו. איך וואָלט זייער וועלן, אַז גוטע יידישע פאָלקסלידער זאָלן ווערן צוטריטלעך פאַר די, וואָס וואַרטן אף זיי".

יולי בעלי פון נעזשין דערציילט אין זײַן בריוו וועגן דער ביבליאָטעק, וועלכע ער האָט צונויפגעשטעלט בא זיך אינדערהיים — אין איר האָט ער אָנגעזאַמלט א גרויסע צאָל ביכער פון יידישע שרײַבער אין דער איבערזעצונג אף אוקראַיניש און אף רוסיש. אונדזער לייענער וועלדמאַן פון דער שטאָט קויבישעוו קאָן זיך שוין ניט דערוואַרטן, עס זאָל דערשײַנען א יידיש־

רוסישער ווערטערבוך, דערפאר שרייַבט ער איבער פאר זיך מיט דער האנט אַן אלטן ווערטערבוך פון אַט דעם פראָפיל. מ. קראסנער פון דער שטאָט בעלאיא צערקאָוו, קיעווער געגנט, איז צופרידן, וואָס עס דערשייַנט דער יאָרבוך „גאָד זא גאָדאָם" (יאָר נאָך יאָר) אין דער רוסישער שפראַך, וועלכער וועט צונויפגעשטעלט פון ווערק, וואָס זייַנען לעכאטכילע געדרוקט געווען אין זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד". „סאָפקאָלסאָף וועלן אונדזערע קינדער און די, וואָס באהערשן ניט יידיש, שוין קאָנען זיך קוויקן מיט די ווערק פון דער יידישער ליטעראטור, — שרייַבט ער, — א גוטע זאך האָט אופגעטאָן דער זשורנאל".

באגלייַך מיט פערזענלעכע בריוו באקומט די רעדאקציע אויך א סאך קאָלעקטיווע. מערסטנסטייל אין פייַערלעכע פאלן. דער זשורנאל איז באלוינט געוואָרן מיט אַן אָרדען — און א שטראָם באגריסונגען דערגייט ביז איצט צו דער רעדאקציע. עס איז ארויס א ספעציעלער נומער פונעם זשורנאל, געווידמעט די יונגע קויכעס פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור — און אונדזערע לייענער באהאלטן ניט אויס זייער היספּײַלעס: א העמשעך איז פאראַן! וועגן דעם האָבן אין זייער קאָלעקטיוון בריוו אָנגעשריבן די כאווײרים כאנע סטאָליאר, א לערערן, א וועטעראַן פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, אַן אָנטיילנעמערן פון דער רעוואָליוציאָנערער אונטערערד אין בעסאראביע; סימע בוביס, אויך א לערערן און אויך אַן אָנטיילנעמערן פון דער רעוואָליוציאָנערער אונטערערד אין בעסאראביע; שייווע זעלצער, אַן ארבעטערן; צאליק שעכטמאַן, אַן ארבעטער, א וועטעראַן פון דער מילכאָמע; ליווּשע שעכטמאַן, אַן ארבעטער, אַן אָנטיילנעמער פון דער רעוואָליוציאָנערער אונטערערד אין בעסאראביע; באסיע גיטעלמאַן, אַן ארבעטערן, אַן אָנטיילנעמערן פון דער רעוואָליוציאָנערער אונטערערד אין בעסאראביע; כאים קיטראָסער, אַן ארבעטער.

דער כאווער גאסאנאוו פון כארקאָוו ווענדט זיך צו אונדז מיט אזעלכע ווערטער: „איך בין א רוס, נאָר איך האלט, אז עס וואָלט גוט געווען דערלערנען יידיש, כדיי האָבן א מעגלעכקייַט צו לייענען אייַער זשורנאל. אויב עס איז מעגלעך, העלפט פארווירקלעכן מייַן באגער".

שימען וואקס פון דניעפּראָפּעטראָווסק איז שטארק צופרידן, וואָס בא אים אין שטאָט האָט גאסטראָלירט דער יידישער אנסאמבל „פריילעכס".

אונדזער לייענער מיט דער זעלבער פאמיליע — נ. וואקס פון דער שטאָט מאגניטאָגאָרסק ווייַזט אָן אף פעלערן אין זשורנאל נומער זעקס פארן

1986. אין דעם אַרטיקל פֿון גריגאָל אַבאַשידזע „די מיטלאַלטערלעכע העברעישע פּאָעזיע" ווערט געזאָגט, אַז די ייִדן האָבן איבערגעוואַנדערט קיין גרוזיע אין 16־טן יאָרהונדערט פֿאַר אונדזער ערע, ווען דער אַסירישער מיילעך נעוווּכאַדנעצער האָט כאָרעוו געמאַכט ירושאָלאַיִם. „פֿון דער געשיכטע איז אָבער באַוווּסט, — שרייַבט נ. וואַקס, — אַז דאָס איז ניט אַזוי. אָנשטאָט 16־טן דאַרף שטיין 6־טן, אָנשטאָט „דער אַסירישער" דאַרף זייַן „דער באָוולשער". מיר דאַנקען דעם כאַווער נ. וואַקס פֿון מאַגניטאָגאָרסק פֿאַר זייַן באַמערקונג און בעסערן אויס אונדזער טעות, וועלכער איז דערלאָזט געוואָרן אויף דעם 147 זייַטל פֿונעם זעקסטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" פֿאַרן 1986.



# בריוו פון דער ווײַט

עפשער דערפאר, וואָס אין דער וועלט קומען פאָר פּראָצעסן, וועלכע שאפן גינסטיקע באדינגונגען פאר דער דערנעענטערונג צווישן לענדער און פעלקער, און דאָס הייסט, צווישן מענטשן סטאם, צי ווײַל אונדזער לאנד האָט פאָרגענומען א דרייסטע איבערבויונג, וועלכע ס'איז אומעגלעך פאר־ווירקלעכן אָן עפנטלעכקײַט, אָן נײַע צוגענג צו דער אָפּשאצונג פון דער ווירקלעכקײַט, אָן א נײַעם אויפן פון דענקען, צי עפשער גאָר מאכמעס אָפּ־שטאם־לאנד, נאָסטאלגיע — פּאָשעטן בענקען, אזוי אָדער אנדערש, נאָר אין דער לעצטער צײַט האָט זיך מערקבאר פארשטארקט דער צופלוס אין רעדאקציע פון בריוו, צוגעשיקטע פון אויסלענדישע מעקוימעס.

אויך פריער האָט די פּאָטשט ניט געקארגט קיין ווענדונגען פון אנ־דערע לענדער, מיר האָבן זיך לאכלוטן ניט געפילט פארטיילט אין דעם היינזיכט. אלע 27 יאָר, זינט „סאָוועטיש היימלאנד" עקזיסטירט, באקומען מיר אָן אופהער גרוסן פון מײַרעוו, פון מיזרעך, פין דאָרעם — פארשיידענע, גוטהארציקע און אויך בייזע, מיט אנערקענונג אין פרײַנטשאפט און אויך באשפּריצטע מיט סינע. די מערהײַט, פארשטייט זיך, פרײַנטלעכע בריוו. איי־ניקע ווארטן שוין אף אָט דעם איבערזיכט א לענגערע צײַט.

מיט פיל כאדאָשים צוריק איז צו אונדז דערגאנגען דער בריוו פון נאגוטשערקעס, אין אונגארן, וועלכן עס האָט געשריבן יאָסיף פּאָקאָראצקי, דעמלט נאָך סטודענט פונעם פעדאגאָגישן אינסטיטוט. ער האָט געלעכצט וויסן וועגן אונדז, וועגן די יידן אין סאָוועטנפארבאנד, וואָס מערער. ס'קומט אים אויס אָפּט צו לייענען דעם כוידעש־זשורנאל „ספּוטניק", און אין איינעם א נומער האָט ער אָנגעטראָפן אף א מאטעריאל וועגן דעם זשורנאל „סאָ־וועטיש היימלאנד". ביז דאן האָט ער ניט געוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אזא מין אויסגאבע, א ליטעראַרישן זשורנאל אף יידיש. ווענדט ער זיך צו אונדז מיט א באקאָשע, מיר זאָלן אים געניי דערציילן וועגן אונדזער אויס־גאבע, וועגן אונדזער לעבן, מיר זאָלן, אויב עס איז מעגלעך, אים שענקען

א נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". מיר האָבן די ביטע באַפרידיקט. ס'האָט אויך אַרויסגערופן באַדויערונג, וואָס אויסלענדישע פּאָטענציעלע לייענער זײַנען ביז גאָר ווייניק אינפאָרמירט וועגן אונדזער זשורנאַל. א סאַך מענטשן, וואָס וואָלטן געקאָנט און געדאַרפט לייענען „סאָוועטיש היימלאַנד", האָבן קיין אנונג ניט וועגן דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור, וועגן דעם פאַרגעניגן, וועלכן זיי וואָלטן געקאָנט האָבן, בלעטערנדיק „סאָוועטיש היימלאַנד".

דאָך איז אונדזער וואָרט דערגאַנגען, ווײַזט אויס, צו ברייטע לייענער־קרײַזן אין אַנדערע לענדער, ווײַל פּאָשעטע מענטשן האָבן וועגן זיך אַלע־מאָל דערמאָנט אין צוגעשיקטע בריוו און נאָטיצן.

קימאַט אין איין צײַט מיט יאָסיף פּאָקאַראַצקיס ווענדונג איז אין רע־דאַקציע דערהאַלטן געוואָרן א בריוו פון א מענטשן, וועלכער איז זײַנערצײַט געווען א מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון קובא, א מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון מאָפּר אין אָט דעם לאַנד. זײַן נאָמען איז יויסעף כאַזאַן. ער טיילט זיך מיט אייניקע דערינערונגען וועגן דער אַנט־שטייונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּראָגרעסיווער קולטור אין קובא אין סאַף פון די צוואַנציקער, אָנהייב דרײַסיקער יאָרן.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן א סאַך יידישע אַרבעטער, פּאָליט־עמי־גראַנטן פון פּוילן, ליטע און אַנדערע לענדער, געיאָגטע פון פאַרפאָלגונגען און אַרבעטלאָזיקײַט, זיך באַזעצט אין קובא. א גרויסער טייל פון זיי האָט שוין אין די ערשטע כאָדאָשים נאָכן קומען אין לאַנד זיך אָנגעשלאָסן אַקטיוו אין דער נאָך יונגער דאָן קאָמוניסטישער באַוועגונג. אייניצײַטיק האָבן די קאָמוניסטן־יידן געשאַפן א פּראָגרעסיוון קולטור־צענטער, אײַנגעשלאָסן דעם קולטור־פאַריין, וועלכער איז געוואָרן דער הויפּט־פאַרשפּרייטער פון פּראָגרע־סיווע אידייען צווישן די עמיגראַנטן. א ווערטפולן בײַטראָג אין דער אַנטוויק־לונג און פאַרשפּרייטונג פון דער טעאַטער־קונסט האָט אַרײַנגעבראַכט דער דראַמאַטישער קרײַז באַם קולטור־פאַריין, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער באַגאַבטער א. סילווער. דער דראַמקרײַז פלעגט מיט דערפאָלג שטעלן פּיע־סעס פון סאָוועטישע דראַמאַטורגן. אין 1929 האָבן זיך שוין באַוויזן די ערשטע יידישע געדרוקטע אויסגאַבעס. זייער וואַרעם האָבן די לייענער אויפ־גענומען דעם ערשטן געדרוקטן זשורנאַל „יונגע שפּראָצונגען", אין וועלכן עס זײַנען, צווישן אַנדערע, געווען פאַרעפנטלעכט די לידער פון די דיכטער־אָנפאַנגער אוורהאָם ווײַנשטיין, יויסעף כאַזאַן, יויסעף רעזניק, וועלכע האָבן

צוזאַמען מיט יאשע פינעסן, עליעזער אראנאָווסקין און אנדערע געגרינדעט אין 1928 די גרופּע „יונגקובא". דער דאָזיקער גרופּע האָט זיך איינגעגעבן אָפּדרוקן א קליינע זאַמלונג לידער פון א. ווײַנשטיין, ווי אויך א. אראנאָווסקיס פּאָעמע. לידער פון די יונגע פּאָעטן האָבן זיך געדרוקט אין די פּראָגרעסיווע צײַטונגען פון קובא און אמעריקע.

אין די שווערע צײַטן פון דער בלוטיקער דיקטאַטור פון מאַטשאַדאָ איז געווען ניט פּאָשעט צו פארשפּרייטן פּראָגרעסיווע אידייען צווישן די יידישע ארבעטנדיקע. דעם קולטור־פאַריין האָט מען פארמאַכט. פיר מיטגלידער פון דער פארוואַלטונג, צווישן זיי אויך דער אוטאָר פונעם בריוו, זײַנען ארעסטירט געוואָרן. דעם בריוו זײַנעם אין רעדאַקציע פארענדיקט יויסעף כאַזאַן אזוי: „בײַ דער געלעגנהײַט ווילט זיך אויסדריקן א האַרציקן דאַנק דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פארן הויכן ליטעראַרישן ניוואָ פונעם זשורנאַל, פאַר זײַן טיפער אידייִשקײַט, פארן עכטן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם". בכדיי דער לייענער זאָל באַקומען אן אלזײַטיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם כאַווער יויסעף כאַזאַן, דאַרף מען צוגעבן צו דעם איבערגעזאָגטן, אז אונדזער קאָרעספּאָנדענט איז אין 1932 געווען דעפּאָרטירט פון קובא קיין פּוילן, דאָרט מעסירעסנעפעשדיק געקעמפט אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי, געווען א פּארטיזאַנער. איצט איז ער א זשורנאַליסט.

מיט נאָך איין יויסעף, וועמענס פאַמיליע איז ראָט און וועלכער וווינט אין קאַרלאָווי וואַרי, טשעכאָסלאָוואַקיע, פירט די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" א וואַרעמען בריוו־אויסטויש, אמאָל אן אָפּטערן, אמאָל א פאַרזאַמטן. אָבער, ווי עס דוכט זיך אונדז, א סיסטעמאַטישן. אין די בריוו, וואָס מיר באַקומען פון אונדזער פרײַנט יויסעף ראָט און אין אונדזערע צו אים, ווערן באַהאַנדלט פאַרשיידענע פּראָבלעמען. יויסעף ראָט איז א לײַדנשאַפטלעכער ליבהאָבער פון דער יידישער קולטור, מוזיק, קונסט. ער איז א פאַרערער פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור, א הויך קולטורעלער מענטש מיט אייגנאַרטיקע געדאַנקען און מאַכשאָוועס.

אין איינעם א בריוו האָט ער געשריבן: „כאָשעווע רעדאַקציע! צו ל. שומסקיס ארטיקל „שאָלעם־אליכעם אינעם אָקעאַן פון דער וועלט־ליטעראַטור" קאָן איך צוגעבן, אז כויץ די איבערזעצונגען פון שאָלעם־אליכעמס ווערק, אָנגעוויזענע אין דעם דערמאָנטן ארטיקל, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט בײַ אײַך אין זשורנאַל, זײַנען אין אונגאַריש און טשעכיש פאַראַן נאָך פאָלגנ־

דע: 1) איך אַליין פֿאַרמאָג אויסגאַבעס (פֿון קעשענע־פֿאָרמאַט) פֿון צוויי שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, איבערגעזעצטע אין אונגאַריש — „טעוויע דער מילכיקער" (טיראַזש 13.000 עקזעמפּליאַרן) און „דאָס קינד מאָטל" (30.000 קאָפּיעס). ביידע ביכלעך האָט איבערגעזעצט ערזשעבעט בראָדסקי; 2) אין דער אָרטיקער ביבליאָטעק פֿון קאַרלאָווי וואַרי, מײַרעוו־טשעכישע געגנט, זײַנען פֿאַראַן אַף טשעכיש „טעוויע דער מילכיקער", „דער שלימאַזל מענאַכעם־מענדל" און „מאָטל דער שטיפֿער", וועלכע עס האָט געמאַכט יאַקוב מאַרקאָוויטש. פֿון אָט די דרײַ ווערק ווײַזט אָן ל. שומסקי אין זײַן אַרטיקל בלויז דאָס ערשטע. מײַנער אַ פֿרײַנט, וועלכער לעבט אין בראַטיסלאַווע, דער הויפּט־שטאָט פֿון סלאָוואַקיע, האָט מיר די טעג מיטגעטיילט, אַז ער פֿאַרמאָגט אַן עקזעמפּליאַר פֿון שאָלעם־אַלייכעמס „בלאָנדזשנדע שטערן", וואָס איז אַרויסגעגעבן אַף דער סלאָוואַקישער שפּראַך אין 1962 מיט אַ טיראַזש פֿון 17.000 עקזעמפּליאַרן. מײַן פֿרײַנט איז איצט קראַנק, אַף אַ קוראָרט. נאָכן צוריקקער אַהיים וועט ער זיך דורכגיין איבער די בראַטיסלאַווער ביבליאָטעקן, עפּשער וועט ער נאָך עפּעס אָפּזוכן..."

אין משך פֿון העכער 10 יאָר האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו לייענען „סאָוועטיש היימלאַנד" דאָוויד מינצער פֿון דער אַרגענטינער שטאָט מענדאָזאַ. „איר ווייסט דאָך, אַז בײַ אונדז איז געווען „פּינצטער", — האָט ער געשריבן אין זײַן בריוו צו אונדז. — דערצו נאָך וווין איך ווײַט פֿון בוענאָס־אײַרעס, און צו מיר איז דער זשורנאַל, נאַטירלעך, ניט דערגאַנגען. אַזויווי עס איז געוואָרן אַ ביסעלע ליכטיק, האָף איך אָנהייבן באַקומען דעם זשורנאַל. וויאַזוי באַצאָלט מען פֿאַר דעם? טוט מיר די טויווע..."

מוישע העלפֿגאָט פֿון דער שטאָט לימע אין פּערו ווייסט אויך ניט, וואָס מע טוט, קעדיי דער מאָסקווער זשורנאַל זאָל דערגיין צו די דאָרעם־אַמעריקאַנער ברעגן. עס איז געווען אַ צײַט, מיט פֿיל יאָרן צוריק, ווען די כאַווײרים אין פּערו פֿלעגן באַקומען „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט דער הילף פֿון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פֿרײַהײַט". איצט איז די לאַגע אַ קאָמפּליצירטע. „ווען די רעדאַקציע פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" איז אָפּגעגאַנגען פֿון איר פֿריערדיקער פּראָגרעסיווער פּאָזיציע, — שרײַבט מוישע העלפֿגאָט, — האָט דער זשורנאַל אויפֿגעהערט צו אונדז אָנקומען. איך האָב זיך אונטערגעשריבן אַף „סאָוועטיש היימלאַנד" אין איינער אַ ניו־יאָרקער פֿירמע, נאָר דעם זשורנאַל זע איך ניט. די פֿירמע פֿאַרופֿט זיך אַף דער פּאַסיווקײַט אין אָט דעם איניען מיצאַד דער סאָוועטישער האַנדלס־אָרגאַניזאַציע. איך בעט אײַך,

העלפט מיר. כ'מיין, אז די פּראָבלעם איז ניט אזא שווערע, זי זאָל ניט קאָנען געליזט ווערן פּאָזיטיוו. אויב ס'איז אזוי, וואָלט איך געקאָנט שאפן אויך אנדערע נייע לייענער, אופשטעלן די צאָל אמאָליקע פארערער פון „סאָוועטיש היימלאנד" אין אונדזערע מעקוימעס. איך האָף, אז אזוי וועט טאקע זיין".

ענלעכע בריוו באוויזן זיך אפן רעדאקציאָנעלן טיש גאנץ אָפט. זיי זאָגן אײדעס וועגן דעם, אז אין אויסלאנד איז סטאביל דער אינטערעס צו „סאָוועטיש היימלאנד". מענטשן, וואָס קענען יידיש, ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראטור, שטרעבן צו באקומען אונדזער כוידעש-אויסגאבע. עס זיינען אָבער פאראן קאָלערליי מעניעס, וועלכע שטערן דער זאך. אָט די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע, מע וואָלט אפילע געקאָנט זאָגן צומאָל בעקיווונדיקע שטערונגען דארף מען אומבאדינגט באזייטיקן.

די אלפארבאנדישע פירמע „מעזשדונאראָדנאיא קניגא" דארף אקטיווירן די ארבעט מיטן זשורנאל אין אירע פיליאלן אין פארשיידענע לענדער. אויב אורטיילן לויט די בריוו, וועלכע קומען אָן אין רעדאקציע פון אויסלאנד, קאָן מען זאָגן, אז עס איז נאָך פאראן א היפּשער רעזערוו פון פּאָטענציעלע לייענער אין פשא, קאנאדע, ארגענטינע, בראזיליע, אווסטראליע, יסראָעל, פראנקרייך אא. ערטער. דאָס געדרוקטע יידישע וואָרט ווערט דאָרט אָבער פּראָפּאגאנדירט שוואך מיצאד דעם בוך-האנדל און די פארערער פון דער ליטעראטור, סיי די, סיי יענע האָבן א מעגלעכקייט פארבעסערן ראדיקאל אָט דעם מאצעוו. עס דארף בלויז אריינגעלייגט ווערן מער ענערגיע און ווילן.

בא אונדזער פריינט ארן פיקמאן פון בוענאָס-איירעס האָט געטראָפן א שווערער אומגליק: עס איז געשטאָרבן זיין דרייסיקיאָריקער זון. אין זיין בריוו האָט פיקמאן צוגעשיקט א ליד מיט אן אופשריפט: „דאָס איז מיין קאדיש נאָך מיין איינציקן אוועקגעגאנגענעם יוירעש לאזארא פיקמאן-פערלין". דעם קאדיש פון אן אלטן טאטן נאָך זיין בעניאָכיד ברענגען מיר דאָ.

ווען איך וואָלט געווען בלינד, זון מיינער,
וואָלט איך ניט געדארפט קיין באגלייטער,
קעדיי דיך צו געפינען, וואָלט איך געגאנגען
נאָכן געזאנג פון די פייגל.
געוויס האָסטו זיך צוגעלייגט אָפּרוען
אין שאָטן פון דיביימער,
אָדער אין דופטיקן גראָז.

כ'וואָלט געגאַנגען, זון מײַנער,
נאָכן זשומען פון דעם וואַסער.
כ'וואָלט געווען צוזאַמען מיט זיי,
מיט די פיס די נאַקעטע.
כ'וואָלט געגאַנגען דורך די פעלדער פּאַרזייטע,
אונטערן פּלאַטער פון אַקאַציעס גרינע,
דורך באַפּעלקערטע דערפער,
דורך טונעלן, דורך וויסטעס,
וואָס פירן צו דער זון, צו דער לעוואָנע,
צו די שטערן.
כ'וואָלט דיך געזוכט, זון מײַנער טײַערער,
דאָרט, ווו עס קאָן זיך פּאַרייניקן הײַנט
דײַן ליבע און מײַן ליבע.
כ'וואָלט דיך געזוכט אינדערנאָענט,
אין דעם, וואָס פּילט אָן דײַנע אויגן
און מײַן נעשאָמע.
און אויב כ'וואָלט דיך ניט געפונען דאָרט,
ווייס איך אָן אַנדער איינזאַם אָרט,
ווו דו ביסט אייביק, זון מײַנער, האַרץ מײַנס —
ווו דו ביסט הימל,
ווו דו ביסט ערד —
ווו דו ביסט אַ פּאַראַקערט און פּאַרזייט פעלד.

ס'איז קעדײַ צו ברענגען דעם אָבזאַץ פון אַרון פּיקמאַנס בריוו, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן זײַן אייגענער ביאָגראַפיע. ער שאַצט ניט איבער זײַנע פּאָעטישע קויכעס. „ס'ווילט זיך מיר אַ סאַך שרײַבן, — באַמערקט ער, נאָר גיט דערבײַ גלײַך צו: — צום באַדויערן, האָב איך ניט קיין שרײַבערישע פעיִקײַטן, און אין מײַן לעבן האָב איך געלערנט בלויז זעקס זמאַן — דרײַ יאָר, בא אַ רעבן מיט אַ לאַנגער באָרד, אין אַ קליין שטיבעלע מיט פּיצינקע פענצטערלעך אין פּאָדערצימער. באַהערשט האָב איך אַ קאַפּיטל טילים, אַ ביסל כומעש און ראַשע, ניט מער. מײַן לעבנסוועג איז ניט געווען באַצירט מיט בלומען. מיט שטיינער — יאָ, מיט דערנער — אוואַדע, און מיט נאָך קעדוימע אַזעלכע מיִעסע זאַכן. ווען מײַן מאַמע האָט געקנאָטן די דייזשע מיט טייג, האָבן אַהין געקאַפּעט ביטערע טרערן. איך האָב געגעסן אַזאַ מין ברויט — אָן אויסגעווייקטס אין ווייי...״

פון דער שטאָט לען אוליס, פראַנקרײַך, שרײַבט אין רעדאַקציע אונדזער לײענער און געזעלשאַפטלעכער פאַרשפּרייטער מאָריס מאָרגנשטערן. די בריוו זײַנע לײענען מיר תּמיד מיט אַ באַזונדערן אינטערעס, ווײַל אין זיי געפינען מיר ערנסטע אָפּשאַצונגען וועגן אונדזער אַרבעט, ווערטפולע פאָרשלאָגן, אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציע.

„איך האָב געהאַט די געלעגנהײַט צו קויפן אין דער פּאַריזשער קראָם פון „מעזשדונאַראָדנאַיאַ קניגאַ" דעם רוסיש־ייִדישן ווערטערבוך, וואָס איז דערשינען אין מאָסקווע, — שרײַבט מאָריס מאָרגנשטערן מיט באַפרידיקונג, — איך האָב אײַך אַמאָל געשריבן, זיך אָנגעפרעגט, ווו מע קריגט אַזאַ מין סייפער. איצט מוז איך אײַך באַדאַנקען. נוצנדיק אָט דעם ווערטערבוך, האָב איך זיך איבערצײַגט אין זײַנע הויכע מעלעס. עס ווערן געגעבן אַלע פּראָטים וועגן יעדן וואָרט, וועגן זײַן באַנוץ. דער גראַמאַטישער טייל פונעם ווערטערבוך איז אַ פולשטענדיקער. וועגן איין זאַך טרוים איך איצט: עס זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן דער ייִדיש־רוסישער באַנד.

„סאָוועטיש היימלאַנד" ברענגט מיר אַ בילד פונעם לעבן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, בפרט די שילדערונג פון דעם לעבן פון די ייִדן אין פססר, אַ לעבן, וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיט דעם, וואָס מע ברענגט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט אַפן מערעוו. ס'איז, אַגעוו, אַ בושה דער אויפן, מיט וועלכן די מערעוודיקע מיטלען פון אינפאָרמאַציע (דאָס וואָרט דעזינפאָרמאַציע וואָלט געטויגט בעסער) רעדן וועגן דעם לעבן אין סאָוועטנפאַרבאַנד".

מאָריס מאָרגנשטערן האַלט, אַז די ייִסראָעלדיקע פּאָליטיק פון אונטערדריקן די פּאַלעסטינער אַראַבער ברענגט שאָדן אַלע ייִדן. דעריבער מוזן די פּראָגרעסיווע ייִדן, ווו זיי זאָלן ניט זײַן אויף דער וועלט, פאַרורטיילן די רעדיפּעס. „ווען מיר דעמאַסקירן דעם ציוניזם, העלפן מיר דערמיט צו פאַרמינערן דעם אַנטיסעמיטיזם. מע טאָר ניט דערלאָזן, אַז די ייִסראָעלדיקע רעגירונג זאָל ריידן אין נאָמען פון אַלע ייִדן אין דער וועלט!".

מאָריס מאָרגנשטערן ווײַזט אָן, אַז די אויפֿווירקונג פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אין די מערעוודיקע לענדער איז נאָך ניט אַזאַ, ווי זי וואָלט געדאַרפט זײַן. „אײַער זשורנאַל איז זייער אַ נוציקער, אַן אינטערעסאַנטער, — דערקלערט מאָריס מאָרגנשטערן אין איינעם פון זײַנע בריוו, — אַ נייטיקער. ס'איז בעפיירעש אַ שאָד, וואָס ער איז אין פראַנקרײַך ניט גענוג באַוווסט". אונדזער קאָרעספּאָנדענט האַלט, אַז יעדער פאַרערער פון דעם

זשירנאַל איז מעכּויעוו צו ווערן זײַנער אַ פֿאַרשפּרייטער. ער האַלט אַזוי און טוט אַזוי.

עס זײַנען שוין דורכגעגאַן יאָרן, זינט דער מעלבורנער טוישעוו ש. שיימאַן איז געווען געצוווּנגען אָנשרײַבן פֿאַר דער אויסטראַליער צײַטונג „ייִדישע נײַס" אַן ענטפֿער דעם בונדישן באַנז ה. באַכראַך אויף זײַנע אינסינואַציעס אַרום פֿאָלקס־פּוילן, וועלכע די דאָזיקע אויסגאַבע האָט פֿאַרעפֿנטלעכט. אין זײַן בריוו צו אונדז קערט זיך אום ש. שיימאַן צו דער דאָזיקער געשיכטע. ער דערציילט, אַז די רעדאַקטאָרן פֿון דער מעלבורנער „ייִדישע נײַס" האָבן דעם ענטפֿער ניט געוואָלט אָפּדרוקן. „זעט אויס, ס'האָט זיי געשטאָכן אין די אויגן דער עמעס, וואָס איך האָב געשריבן". בײַ דער געלעגנהײַט, ווען עס גייט אַן איבערזיכט פֿון אויסלענדישע בריוו צו אונדזער רעדאַקציע, איז קעדײַ אין אים אײַנשליסן אַן אויסצוג פֿון ש. שיימאַנס ניט דערגאַנגענער צום אויסטראַליער לייענער פּאָלעמישער אַרויסטרעטונג.

אין זײַן לײַדנשאַפֿטלעכן אַרטיקל האָט ש. שיימאַן געשריבן: „ווי דערלויבט זיך עס אַ מענטש, דערצו נאָך אַ בונדיסט, אַ סאָציאַליסט, אויסצוטראַכטן אַזעלכע געמיינע ליגנס און פּאַסקוילן, אַזוי נידערטרעכטיק באַשולדיקן די פֿאָלקס־מאַכט אין פּוילן אין דורכפֿירן דעם פּאָגראָם אויף ייִדן אין בעלץ, אין 1946? פֿון ה. באַכראַכס אַרויסטרעטונג אין דער צײַטונג „ייִדישע נײַס" איז צו זען, אַז ער האָט אַ גוואַלדיקן צוטרוי צו די אַנטיסעמיטישע פֿירער פֿון „סאָלידאַרנאָשטש". אין דאָ זעט זיך שוין אַרויס ה. באַכראַכס קאַוואָנע. הערט זיך אײַן אין די רייד, וועלכע עס האָט אַרויסגעבראַכט מאַריאַן יורטשיק, דער צווייטער נאָך לעך וואַלענסאַ מענטש אין דער „סאָלידאַרנאָשטש". אויף אַ טרעפֿונג מיט די אַרבעטער פֿון דער אונטערנעמונג אין טשעביאַטאָוו האָט ער געטענהט: „אין טשעכאָסלאָוואַקיע, דײַטשלאַנד און אונגאַרן — וועלכע נאַטור־אוצרעס זײַנען דאָרט פֿאַראַן? גאָרניט מיט נישט. אָבער וואָס פֿאַר אַ לעבנס־נאָרמע איז דאָרט פֿאַראַן? איר ווייסט אַליין. פֿרעג איך אײַך — פֿאַרוואָס? דער ענטפֿער איז אַן איין־און־איינציקער — דערפֿאַר, ווײַל דאָרט זײַנען ניטאָ קיין זשידלאַקעס, ווי בײַ אונדז אין פּוילן. דאָרט זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וואָס טראַכטן אַ ביסל וועגן זייערע פֿעלקער. אונדזערע מענטשן טראַכטן ניט, דערפֿאַר, וואָס צווישן זיי איז דאָ אַ פֿערטל ייִדן, וואָס פֿאַראַטן אונדזער היימלאַנד, אין דאָס דאַרף מען ענדערן, מײַנע הערן... ס'קאָן זײַן, אַז פֿאַר באַשטימטע מענטשן וועט מען דאַרפֿן אויפֿבויען טליעסלופּעס, און זיי אויפֿהענגען, אויב דאָס וועט זײַן דער ווילן פֿון דער געזעל־

שאפט, אָדער דער געזעלשאַפטלעכער געריכט וועט דאָס טאָן..." דיבורים קלאָרע. און מיט אָט די, וואָס שאַרפן שוין לאַנגע מעסערס אַף ייִדן, כאַווערט זיך ה. באַכראַך, ער פאַרופט זיך אַף זיי און אײנײַנעם מיט זיי שרײַבט ער רעכילעס אַף די פּוילישע קאָמוניסטן. ס'עגבערט מיך, פאַרוואָס ה. באַכראַך זעט ניט דעם לעגאַליזירטן אַנטיסעמיטיזם אין דער מײַרעוו־וועלט, אַרײַנגערעכנט אויסטראַליע, וווּ די נאַציס זײַנען אַ לעגאַלע פּאַרטיי און טראָגן היטלעריסטישע מונדירן מיט האַקנקרייצן אַף די אָרעמס... קעגן דעם האָט עמעצער פון אײַך פּראָטעסטירט, מיסטער ה. באַכראַך? קיינער ניט. איר פאַרנעמט זיך מיט דעמאַגאָגישע אויסטראַכטענישן און בילבולים, מיט ניט־געשטויגן, ניט־געפלויגן־אַרטיקלען קעגן די סאָציאַליסטישע מעדינעס". אין שיימאַנס רעפּליק זײַנען שאַרף אַוועקגעשטעלט אַ ריי אַנדערע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן פאַרדינט, מע זאָל זיי באַהאַנדלען זעלבשטענדיק, אַ בריוו־איבערזיכט איז פאַר דעם ניט דאָס באַקוועמסטע אָרט.

וועגן דעם, פאַרוואָס ער האָט אויפגעהערט צו זײַן אַן אָנהענגער פון דער צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט", דערציילט אין זײַן בריוו צו אונדז ר. קראַמער פון שטעטל טאָמס ריווער (אַמעריקע, שטאַט ניו־דזשערסי). „מיט אַ יאָר 35 צוריק בין איך געווען געצוווּנגען פאַרלאָזן די שטאָט ניו־יאָרק, — שרײַבט ר. קראַמער. — די באַלעבאַטים פון מײַן פאַך האָבן מיך ניט געדוּנגען צו אַרבעטן פאַר זיי, ווײַל זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ מיטגליד אין דער פירערשאַפט פון מײַן יוניאָן. איך און מײַן פרוי האָבן אויסגעקליבן דאָס שטעטל טאָמס ריווער אַף צו פּרובירן קריגן דאָרט אַן אַרבעט. דאָ אָבער האָב איך באַגעגנט די זעלבע באַציִונג צו מיר. אין שטעטל זײַנען די ייִדן געווען „הינער־פאַרמערס". איבער דעם, וואָס כ'האָב ניט געקראָגן קיין אַרבעט אין מײַן פאַך, בין איך געצוווּנגען געווען צו ווערן „אַ הינער־פאַרמער". אין שטעטל זײַנען געווען אַז ערעך 50 לייענער פון דער צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט". די גרופּע האָט אָרגאַניזירט אַ קלוב, אין וועלכן עס פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, באַהאַנדלונגען פון לויפנדע וויכטיקע פראַגן. צווישן די לעקטאָרן זײַנען געווען שרײַבער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט". אין יענער צײַט איז ניט געשטאַנען די פראַגע, צי די לעקטאָרן זײַנען קאָמוניסטן, צי ניט. די לייענער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" האָבן געוווּסט, אַז די שרײַבער זײַנען לינק געשטימט, און זיי וועלן אונדז ניט פאַרפירן. ס'איז אַ פאַקט, אַז די שרײַבער, וועלכע האָבן געאַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון פּ. נאָוויק, זײַנען ביסלעכווײַז אָפּגעטראָטן פון דער קאָמוניסטי־

שער פּאַרטיי־ליניע. די אויפגאבע זייערע איז געווען, און איז איצט אויך די זעלבע, — וואָס שאַרפער באַשולדיקן די סאָוועטישע רעגירונג אין אנטיסעמי־טיזם.

בא אונדז אין קלוב האָבן אַט די באַשולדיקונגען צוערשט ארויסגערופן הייסע דיסקוסיעס. מיר האָבן געוואָלט וויסן, אפן סמאך פון וועלכע כאטאָים ווערן באַשולדיקט די סאָוועטן. די באַשולדיקער האָבן ניט געבראכט קיין קאָנקרעטע פאקטן. פאַרשיידענע טערוצים האָבן זיי ארויסגעשטעלט, נאָר אַלע איינינעם און יעדער טערעץ באַזונדער האָבן אונדז ניט געקאָנט איבער־צייַגן אין דעם, אז די „מאָרגן־פרייַהייַט" האַנדלט אופריכטיק. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אז די צייַטונג קריכט פון דער הויט, קעדיי צינויפבינדן דעם סאָציאַליזם מיטן ציעניזם. ניין, שפּאַנען ווייַטער צוזאמען מיט דער „מאָרגן־פרייַהייַט" האָבן מיר ניט געקאָנט, און מיר האָבן זיך מיט איר צעשיידט.

לייענענדיק די רעדאקציאָנעלע פּאָטשט, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אף א צעטעלע פונעם באַוווסטן אַמעריקאַנער יידישן שרייַבער און געזעלשאפט־לעכן טוער דאָוויד סעלצער: „טייַערע קאָלעגן פון „סאָוועטיש היימלאַנד"! איך שיק אייַך דאָ אָפּצוגן פון צוויי אַרטיקלען, וואָס גייען אַרייַן אין קומענ־דיקן נומער פון אונדזער זשורנאל „דזשויש אפּערס". מיט כאַווערשאפט דאָ־וויד סעלצער". דאָס צעטעלע האָט אונדז דערמאָנט וועגן א בריוו, וועלכן עס האָט צוגעשיקט אין רעדאקציע א לערער פון דער וואָלגאָגראַדער שול נומ. 50 יולי לערנער. „אין אונדזער קלוב פון אינטערנאציאָנאַלער פרייַנטשאפט איז פאָרגעקומען א באַגעגעניש מיט די געוועזענע דערצויגלינגען פון די סטאַלינגראַדער קינדערהיימען, וועגן וועלכע עס האָט מיט גרויסער הארצי־קייַט געשריבן אין זייַן דאַקומענטאַלער דערציילונג „זילבערנע סאָזשלקעס" דער אַמעריקאַנער שרייַבער ד. סעלצער, — טיילט מיט דער לערער. — פופצן טויזנט סטאַלינגראַדער קינדער זייַנען געבליבן יעסוימים. א שווערער איז געווען זייער גוירל. ראַיסאַ שטשעגלאָווא, א דערציערין אין קינדערהיים „זיל־בערנע סאָזשלקעס", האָט דערציילט אף דער באַגעגעניש, אז די קינדער האָבן מיירע געהאַט אנשלאָפן ווערן באַנאַכט — עס האָבן זיך זיי געכאָלעמט די אומגעקומענע מאַמעס. דעריבער האָבן די ארבעטערנס פונעם קינדערהיים באַשטימט צו נעמען די יעסוימימלעך אַהיים — אָנרופן זיך מאַמעס. און אזוי זייַנען זיי געבליבן בא די יעסוימים מאַמעס אפן גאַנצן לעבן.

אין וואָלגאָגראַדער קאַנטקענטעניש־מוזיי ווערן אָפּגעהיט פאַרשיידענע געמעלן, אויסהעפטינגען און זאכן, וועלכע ס'האָבן געשאַפן די סטאַלינגראַ־

דער קינדער. דאָס קליינוואַרג האָט נאָך לאַנג נאָך דער מילכאָמע געמאָלט באָמבאַרדירונגען, לופט־שלאַכטן, טאַנקען־אַטאַקעס. אױף אײנעם פֿון די בילדער איז אָנגעמאָלט אַ דאַמף־שיף מיט אַ הױכער רער און מיט אַ רױטער פֿאָן. אױפֿן באָרט פֿון דער שיף — גרױסע אױסיעס „דער זיג!" און אַן אונטערשריפֿט פֿון אונטן: „סאָלדאַטן קערן זיך אום פֿונעם פֿראָנט. עמעצנס טאַטעס פֿאָרן אַהײם". דער קלײניטשקער מעכאַבער פֿונעם בילד האָט גוט געוווּסט, אַז זײַן טאַטע איז אומגעקומען... אין 1946 האָט מען אָט די עקספּאָנאַטן דעמאָנסטרירט אױף אַן אױסשטעלונג אין ניו־יאָרק. די אַמעריקאַנער זײַנען געווען אַנציקט פֿון זײ. די געמעלן זײַנען געוואָרן אַ סימבאָל פֿון פֿרײַנטשאַפֿט צווישן די פֿעלקער פֿון אַמעריקע און סאָוועטנפֿאַרבאַנד. דער געוועזענער וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער פֿונעם וואָלגאָגראַדער קאַנטקעגנטעניש־מוזײ וולאַדיסלאַוו מאַמאָנטאָוו, וואָס האָט, אַ זיבניאָריקער, דעם 23 אויגוסט 1942 איבערגעלעבט אין סטאַלינגראַד די באַרבאַרישע באָמבאַרדירונג פֿון דער פֿאַשיסטישער אוויִאַציע, אין וועלכער ס'זײַנען אומגעקומען טויזנטער מאַמעס, — האָט דערציילט אױף דער באַגעגעניש אין דער וואָלגאָגראַדער שול נומ. 50 די געשיכטע פֿון די אומשאַצבאַרע עקספּאָנאַטן. וולאַדיסלאַוו מאַמאָנטאָוו האָט גערעדט וועגן דאָוויד סעלצערס מוט. אָט דער געטרײַער פֿרײַנט פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד האָט אין די יאָרן פֿון „קאַלטן קריג" אָפּגעהיט די געמעלן בײַ זיך אין דער ניו־יאָרקער קוואַרטיר. האַגאַם דאָס איז דעמאָלט געווען אין אַ געוויסן זין געפֿערלעך. שפּעטער האָט דאָוויד סעלצער איבערגעגעבן די עקספּאָנאַטן דעם וואָלגאָגראַדער קאַנטקעגנטעניש־מוזײ, וועלכער האָט זײ אײַנגעשלאָסן אין זײַן עקספּאָזיציע. וולאַדיסלאַוו מאַמאָנטאָוו האָט אָפּגעזוכט אַ סאַך מעכאַברים פֿון די געמעלן. די געוועזענע קינדערהיימניקעס האָבן פֿרײדיק דערקענט זײערע אַרבעטן.

דאָוויד סעלצער האָט געווידמעט וולאַדיסלאַוון אַ ליד. מיר ברענגען דאָ איר טעקסט:

### דער אַרכעאָלאָג וולאַדעק

שלאַנק און ספּריטנע, ווייך און האַרציק
איז דער געהילף פֿון וואָלגאָגראַד־מוזײ.
וווּנדער גראָבט ער אויס פֿון קוואַרצן —
און ווי ער טוט עס, איך פֿאַרשטײ.

דערצייל מיר, כ'בעט דיך, וולאדעק טײַערער,
וועגן די פרײַנט דײַנע — די קינדער,
נעם זיי ארויס פון סטאלינגראדער פײַער —
זאָל ווערן ליכטיק, צארט און לינדער.

— פרי מע האָט מיך אופגעוועקט,
נאָר ס'האָט די שטאָט שוין הייס געברענט.
לעם מיר מײַן מאמע האָט פארדעקט
א יידיש קינד מיט אירע הענט.

איעדער שאָס האָט נײַעם שרעק
אף אונדז אף ביידינקע געטראָגן,
איך האָב געפילט, לעם מיר דער שנעק
וואָלט אין דער ערד זיך אײַנגעגראָבן.

כ'האָב אָנגעכאפּט זײַן ציטער־האנט:
„ליג, קליינינטשקער, מע טאָר ניט שרײַען.
די רויטארמייער וועלן באלד
אי אונדז, אי אונדזער שטאָט באפרײַען".

וולאדיסלאוו מאמאָנטאָוו שרײַבט זיך איבער מיט זײַן אמעריקאנער פרײַנט. אגעוו, דאָוויד סעלצער האָט עטלעכע מאָל באזוכט די שטאָט וואָל־גאָגראד.

פונעם שטעטל איוורי לעבן פאריזש האָט אונדז צוגעשיקט א בריוו בערנארד קליינבערג. ער טיילט מיט עטלעכע פאקטן פון זײַן ביאָגראפיע און אין צוזאמענהאנג מיט זיי דערמאָנט ער זיך וועגן א ליד פון זײַן יוגנט, וועל־כע האָט זיך אים אײַנגעקריצט אין זיקאָרן. דעם טעקסט פון אָט דער ליד אף יידיש האָט אונדזער פרײַנט בערנארד קליינבערג באשטימט איבערגעבן דער רעדאקציע. „אין יאָר 1927, צו מײַנע 18 יאָר, האָט מען מיך אויס־געוויילט אלס סעקרעטאר פון דער יוגנט־סעקציע באם רעוואָליוציאָנערן לערער־פאריין אף סטאוווסקי־גאס, 41, אין ווארשע, — דערציילט אונדזער קאָרעספאָנדענט. — אין א שאָ נאָך מיטיק האָט מען אין די נאָיאבער־טעג געפײַערט די ערשטע צעניאָריקע עקזיסטענץ, די באפרײַונג נאָך שווערע קאמפן פון דעם „זעקסטל פון דער וועלט". אף דעם יאָמטעוו האָבן מיר גע־זונגען לידער. דער אוטאָר פין איינער פון זיי איז געווען דער גוט באקאנטער

פּראָלעטאַרישער פּאָעט װלאַדיסלאַװ בראָניעװסקי, װעלכער האָט א לאַנגע צײַט געלעבט אין װאַרשע און איז געשטאָרבן אין 1962. ס'זײַנען מיר שטאַרק געפעלן סײַ די װערטער, סײַ דער ניגן פון דער ליד. צומאָל, אָדער פאַר פרייד, אָדער פאַר אומעט, זינג איך זי שטילינ־קערהייט". די ליד, װעלכע עס האָט אונדז צוגעשיקט בערנאַרד קליינבערג, איז אין די צװאַנציקער יאָרן געװען פּאָפּולער בא אונדז אין לאַנד. די לייע־נער פון „סאָװעטיש היימלאַנד", װעלכע זײַנען אין די צװאַנציקער יאָרן געװען יונגע מענטשן, װעלן זיכער זיך דערמאָנען, װיאַזוי אָט די ליד האָט געקלונגען. דער הײַנטצײַטיקער יוגנט װעט אויך ניט שאַטן צו װיסן, װעלכע לידער זײַנען געװען באַליבט בא זייערע פאָרגענגער.

מיר ברענגען דאָ עטלעכע סטראָפעס פון דער ליד, װעלכע ס'האָט איבערגעזעצט אונדזער לייענער פון פראַנקרײַך בערנאַרד קליינבערג.

אין שטורמישע צײַטן, אין בלוטיקער שלאַכט
א רויטער אָטריאַד איז געגאַנגען,
נאָר שטאַרק איז דער סוינע געװען אין דער נאַכט
און די קאָמונאַרן געפאַנגען.

א גענעראַל פאָרט ארויס אף א פערד
אנטקעגן, די ליפּן פאַרביסן,
די פויסטן געבײַלט, א הוילע זײַן שװערד.
זײַן אורטייל: זיי אלע צעשיסן.

ער זאָגט צו די רויטע סאָלדאַטן מיט שפּאָט:
— פאַר פרײַהײַט און ערד װילט איר זיגן?
פרײַהײַט אין הימל װעט געבן אײַך גאָט,
און ערד דאָ בא מיר װעט איר קריגן.

— ניט כויזעק פון אונדז, היי דו, װײַסער באַראָן,
עס שלאָגט שוין די שאָ דײַנע לעצטע.
מיר זײַנען מארטירער, נאָר זע — אונדזער פאָן
װערט רויטער, מיט בלוט א באַנעצטע.

אין א בריװ פון װאַרשע, װעלכן עס האָט צוגעשיקט מעריל שײַנבויגן, גייט א רייד װעגן דעם אַלװעלטלעכן קאָנגרעס פון געלערנטע אין קולטור־טוער. פאָרשטייער פון פאַרשיידענע לענדער האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין

דער פוילישער הויפט־שטאָט, קעדיי באהאנדלען, וויאזוי צו פארטיידיקן די פרידלעכע צוקונפט פון דער פלאנעטע. צווישן אנדערע איז אף דעם קאָנגרעס ארויסגעטראָטן דער הויפט־רעזשיסער פונעם ווארשעווער יידישן טעאטער שימען שירמעיאָהו. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אז דער קאמף פאר פרידן ווערט געפירט אין נאָמען פון דעם אָוואר, לעטויוועס דער קעגנווארט און לעטויוועס דער צוקונפט. בייס דער פאשיסטישער אינוואזיע זיינען אין פוילן אומגעקומען 3 מיליאָן 200 טויזנט יידן. 200 טויזנט האָבן געראטעוועט די פאָליאקן, וועלכע האָבן דערביי ריזיקירט מיטן אייגענעם לעבן. „מיר וועלן ניט פארגעסן אונדזערע פריינט, — האָט געזאָגט שימען שירמעיאָהו. — מיר וועלן געדענקען, ווער עס זיינען געווען אונדזערע הענקער".

בא דער געלעגנהייט דערציילט מערל שיינבויגן וועגן די איינדרוקן, וועלכע עס האָט אף איר געמאכט דער ספעקטאקל „די ליד פונעם אויסגע־הארגעטן יידישן פאָלק". די סצענישע ווערסיע פון ייצכאָק קאצענעלסאָנס פאָעמע מיט דעם זעלבן נאָמען האָבן אופגעפירט אף דער בינע פונעם ווארשעווער יידישן טעאטער גאָלדע טענצער, שימען שירמעיאָהו, דער סצענאָגראף פון דער שטעלונג איז מאריאן סטאנטשאק.

„די אָרטיקע רעצענזענטן דערקלערן, אז דער ספעקטאקל איז אויסגע־האלטן אין דער טאָנאלקייט פון א ראפסאָדיע, — שרייבט מערל שיינבויגן, — איך בין ניט קיין ספעציאליסט, איך ווייס אָבער איינס: פונעם ספעקטאקל בין איך דערשיטערט געוואָרן, עס האָבן מיך אפסניי אופגעטרייסלט די ליידנשאפטלעכע שורעס פונעם דיכטער־מארטירער. איך האָב נאָך טיפער פארשטאנען, סארא גרויזאמען העלדנטאט עס איז באגאנגען דער דאָזיקער טאלאנטפולער מעסירעסנעפעשדיקער מענטש.

מיט זיין פאָעמע בין איך געווען באקאנט א סאך פריער, אָבער נאָכן ספעקטאקל האָב איך אויסגעקלאָרט פאר זיך אייניקע פראָטים. איך האָב ניט געוווסט, אשטייגער, אז ייצכאָק קאצענעלסאָן האָט געשריבן זיין פאָעמע אין פראנקרייך, אין קאָנצלאגער וויטעל. ס'איז אים אויסגעקומען אויסדיכטן ניט בלויז דאָס ווערק גופע, נאָר אויך דעם אויפן, ס'זאָל דערגיין צו די מענטשן, וואָס וועלן זיך ארויסרייסן פון די פאשיסטישע לאפעס, — ער האָט געגלייבט, אז דאָס יידישע וואָרט וועט איבערלעבן היטלערן מיט זיינע קלאָווים. דער דיכטער האָט צוליב דעם אויסגעקליבן א קאָמפליצירטן און ניט־געוויינלעכן וועג: ער האָט פארשטאָפט זיין קסאוויאד אין דריי פלעשער און זיי באגראָבן אונטער א סאָסנע־קאָרטש. ער איז געווען א וויטזיכטיקער מענטש — א

סימען האָט איר: זײַן ווערק איז דערגאַנגען צו אונדז, צו די לעבנגעבליבענע, צו די ניצלגעוואָרענע און צו די נײַ־געבוירענע.

זײַן לעבנסוועג האָט יִצחק קאַצענעלסאָן פֿאַרענדיקט אין אַשווענטשים — אינאיינעם מיט זײַן זון איז ער אומגעקומען אין אַ גאַז־קאַמער. אין טרעבלינקע זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן זײַנע צוויי ייִנגערע זין און זײַן פֿרוי. איך וויל אונטערשטרײַכן, אַז דער אײַנדרוק, וועלכן עס האָט אויף מיר געמאַכט דער ספּעקטאַקל מיט קאַצענעלסאָנס טעקסטן, איז אַזאַ קאָלאָסאַלער דערפֿאַר, ווײַל ער איז געבויט אויף אַ דאָקומענטאַלן באַזע, „די ליד פֿונעם אויסגעהאַרגעטן ייִדישן פֿאָלק“ איז דאָך אַ גוויִעס־איידעס פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט איבערגעטראָגן אויף זיך אַלע גרוילן פֿונעם היטלערישן פֿעלקערמאָרד. איך ווייס ניט, ווער פֿון די ייִדישע שרײַבער האָט מער עמאָציאָנעל געשילדערט דעם שוידער פֿון די מאַסן־שכיטעס בײַס דער פֿאַשיסטישער אינוואַזיע.

דער וואַרשעווער ייִדישער טעאַטער האָט אין דער פֿולער מאָס פֿאַרהיט און דערטראָגן צום צושויער דאָס, וואָס עס האָט אַרײַנגעלייגט אין זײַן פּאָעמע יִצחק קאַצענעלסאָן: זײַן מענטשלעכן יאָמער, זײַן נעוויִעס־געפֿיל, זײַן טראַגישן ביטאָכן“.

אויפֿן רעדאַקציאָנעלן טיש ליגט אַ בריוו פֿון טשיקאַגאָ. צוגעשיקט האָט אים גדאַליע לאַנדמאַן, אַן אַקטיווער טוער פֿון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, איינער פֿון די לאַנגיאָריקע און באַגײַסטערטע לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“. אונדזער קאָרעספּאָנדענט דערציילט וועגן דעם באַוווּסטן אַמעריקאַנער ייִדישן פּראָזע־שרײַבער מוישע גיציס, וועמענס ווערק זײַנען אין די לעצטע יאָרן געווען געדרוקט אין זשורנאַל. דער לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט הויך געשאַצט מ. גיציסעס טאַלאַנט. ווי עס איז צו זען פֿון גדאַליע לאַנדמאַנס בריוו, איז ער געווען באַפֿרײַנדעט מיטן שרײַבער און מיט זײַן מישפּאָכע.

פֿאַרן טויט האָט מוישע גיציס געבעטן די פֿרוי מאַניע, אַז גדאַליע לאַנדמאַן זאָל זײַן דער, וואָס זאָל ריידן בײַ זײַן אָפּשיידונג. און אַזוי איז עס טאַקע פֿאָרגעקומען. ווען אין דעקאַבער 1986 איז מוישע גיציס ניפֿטער געוואָרן, איז אויף זײַן לעווייַע מיט אַ געזעגענונגס־וואָרט אַרויסגעטראָטן גדאַליע לאַנדמאַן, וועלכער האָט באַם אָפּענעם קייווער דערקלערט מיט אַ שווערן געפֿיל, אַז עס איז אוועק „דער לעצטער ייִדישער פּראָגרעסיווער שרײַבער פֿון אַמעריקע“.

גדליה לאַנדמאַן שרײַבט: „די פּראָגרעסיווע ייִדישע סוויווע האָט פאַרלאָרן אײנעם פון די בעסטע בעלעטריסטן פון אונדזער צײַט. מיר זײַנען פאַראָרעמט געוואָרן. ניטאָ קיין צווייטער בא אונדז אין לאַנד, וואָס וועט קאָנען פאַרנעמען מוישע גיציסעס אָרט אף דער ליטעראַרישער אַרענע. די פּאָשעטע פאָלקס־שפּראַך פון זײַנע דערציילונגען, די בילדערישקײַט זייערע האָבן אים דעראָבערט א גרויסע צאָל פאַרערער. ער האָט געשילדערט דעם קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס פאַר סאָציאַלער גערעכטיקײַט און האָט אַליין מוטיק געקעמפט פאַר שאָלעם אף דער וועלט, פאַר גלײַכבארעכטיקונג פון די פעלקער, קעגן אַנטיסעמיטיזם, נעאָנאַציזם, ראַסן־דיסקרימינאַציע. מוישע גיציס האָט זיך ניט איבערגעשראָקן, ווען די רעאַקציאָנערן און רענעגאַטן האָבן אים אַרײַנגעלייגט אין כיירעם פאַר דער אַקטיווער מיטאַרבעטערשאַפט אַלס אַוטאָר אין אונדזער באַליבטן „סאָוועטיש היימלאַנד“, וואָס איז פונעם ערשטן נומער, זײַענדיק אַן אויסגאַבע פון די סאָוועטישע ייִדישע שריפטשטעלער, געוואָרן אויך אונדזער זשורנאַל“.

גדליה לאַנדמאַן דערציילט אין זײַן בריוו וועגן אייניקע פּראָטים אין שײַכעס מיט מוישע גיציסן, וועגן וועלכע מיר האָבן ביז אַהער אָדער אינגאַנצן ניט געוווּסט, אָדער מיר האָבן געוווּסט ווייניק. מוישע גיציס האָט זיך באַשעפטיקט מיט מאָלערײַ, געשאַפן פּילצאָליקע פּאָרטרעטן פון פּאָשעטע אַמעריקאַנער. ער איז אויך דער שעפער פון א פילם־אינטערוויו מיט א ריי אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבער. צוליב דעם האָט ער פירגענומען א רײַזע איבער אַלע שטאַטן פון פשא. דער פילם געפינט זיך איצט אין די אַרכיוון פון ייִוואָ. גיציסעס פרוי מאַניע דערציילט, אַז איר מאַן האָט אָנגעהויבן שרײַבן נאָך אין דער קינדהײַט. ווען זי איז אַלט געווען פּיפצן יאָר, האָט מוישע גיציס איר שוין געשענקט א גאַנצע פּאָעמע. זי געדענקט, אַז אין דער צײַט פון זייער יוגנט־ליבע האָט ער אָנגעשריבן פיל ווערק, בעסויכעם אין דער רוסישער שפּראַך. מאַניע גיציס באַשטעטיקט, אַז איר מאַן איז קעסיידער געווען פאַרנומען מיט אַרבעט — אָדער אין אַפּטייק, אָדער באַם שרייבטיש. „רוען“ האָט זי אים קיינמאָל ניט געזען.

גדליה לאַנדמאַנס בריוו האָט אונדז ווידעראַמאָל איבערצײַגט, אַז אונדזער שעפערישע מיטאַרבעט מיטן אַמעריקאַנער שרײַבער מוישע גיציס איז געווען ניט קיין צופעליקע, נאָר אַן אָרגאַנישע און נאַטירלעכע, און מיר זײַנען צופרידן, וואָס עס איז אַזוי געשען.

א בריוו מיט א מאטאָנע — א שיינער פאָטאָגראַפיע — האָט אונדז צוגעשיקט בומי ברונוואסער פון מעץ, פראנקרייַך, ער שרייַבט: „טייַערע פרייַנט, ווי איר קאָנט זען אפן בילד, פארנעמט „סאָוועטיש היימלאנד" דעם גרעסטן פלאץ אין מייַן ביבליאָטעק. פאר מיר איז דאָס א רייַכטום און א שטאָלץ. מיט דער אויסגאבע פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראטור קאָן איך באווייַזן די אלע, וואָס פארלייקענען די עקזיסטענץ אין סאָוועטנפארבאנד פונעם יידיש וואָרט, אז זיי זייַנען ניט גערעכט. איך בין געווען בא אייַך אין רעדאקציע אין מארט 1982, און איך ווייס, אז אייַער ארבעט איז ניט קיין לייַכטע. נאָר די לייענער ליגן זייער גאנצע האָפענונג אף אייַך. איך בעט אייַך, ארבעט אזוי אויך אף ווייַטער, דערציט נייַע מיטארבעטער. איך בין טאקע אלט 75 יאָר, אָבער איך האָף נאָך זייער לאנג צו לייענען דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", ביז הונדערט מיט צוואנציק איז נאָך גענוג ווייַט".

אונדזער איבערזיכט האָבן מיר אָנגעהויבן מיט אויסצוגן פון בריוו, אין וועלכע עס ווערן ארויסגעזאָגט באקאָשעס, די מערהייַט פון זיי — אין שייַכעס מיט באקומען דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד". ווען דער איבערזיכט איז נאָך ניט געווען געענדיקט, האָט די בריוונטרעגערן ארופגעלייגט אפן רעדאקציאָנעלן טיש די אָרדנטלעכע פאָטשט, און מיר האָבן באמערקט עטלעכע קאָנווערטן מיט שטעמפלען פון דער צווישנפעלקערלעכער לופטפאָטשט.

מארקאָ עסלינג פון מינכען, מייַרעוו־דייַטשלאנד, שרייַבט: „טייַערע דאמען און הערן, כאווירים. איך האָב געהערט וועגן אייַער צייַטשריפט. איך בין פארינטערעסירט מיט דער יידישער קולטור און מיטן לעבן אין סאָוועטנפארבאנד. דערפאר באגער איך לייענען „סאָוועטיש היימלאנד". איך בעט אייַך: שיקט מיר א פאָר פרווו־נומערן. בייַגעלייגט זייַנען דרייַ דאָלארן (מע באקומט דאָ ניט קיין רובלען). מיט דאנק און כאווערישע גרוסן". די רעדאקציע האָט ארויסגעשיקט מ. עסלינגן צוויי פרישע נומערן פונעם זשורנאל און, נאטירלעך, אומגעקערט אים די דאָלארן.

דאָקטאָר וואָלף בערנשטיין פון נאטאניא, יִסראָעל, ווענדט זיך אויך מיט א באקאָשע: „זייער געערטער רעדאקטאָר! אין די זעכציקער יאָרן (עפשער ענדע פון די זעכציקער יאָרן) איז אין אייַער זשורנאל געווען פארעפנטלעכט א ליד „איך האָב געליבט אמאָל א מיידל". דעם נאָמען פונעם אווטאָר געדענק איך ניט. אין דער ליד האָט זיך גערעדט וועגן א מיידל, וועלכע דער אווטאָר האָט געליבט. אָבער עס זייַנען געקומען די דייַטשן מיט שטעקנס

און מיט בײַטשן, אַרײַנגעיאָגט דאָס מײדל אין געטאָ. מער האָט ער זי ניט געזען. ער האָט פאַר איר נעקאָמע געגומען, קעמפנדיק אפן פראָנט קעגן די דײַטשן. אויב עס איז מעגלעך לויט די דאָזיקע אָנגאַבן צו געפינען די ליד, וואָלט איך מיט גרויס דאַנקבאַרקייט געוואָלט זי קריגן". דאָקטאָר וואָלף בערנשטיין האָט באַקומען אַן ענטפער:

„געערטער ד״ר וואָלף בערנשטײן! מיר באַפרײדיקן אײַער באַקאָשע. די ליד, וועלכע אינטערעסירט אײַך, איז פאַרעפנטלעכט אינעם ערשטן נומער פון אונדזער זשורנאַל פאַרן 1962 יאָר. איר אויטאָר איז אווראָם ראַכמאַן. דעם טעקסט פון דער ליד שרײַבן מיר פאַר אײַך איבער".

### איך האָב אַמאָל געליבט אַ מיידל

איך האָב אַמאָל געליבט אַ מיידל,
ווי דאָס אייגן לעבן,
פאַר איר שיינקייט, פאַר איר שמייכל
אַלץ כ׳וואָלט אָפּגעגעבן.

נאָר געקומען זײַנען דײַטשן
אין מײַן קליינינק שטעטל
און מיט שטעקנס, און מיט בײַטשן
זי פאַריאָגט אין געטאָ.

און מיט אַלעמען צוזאַמען —
מיט די שוועסטער, ברידער,
מיט דעם טאַטן, מיט דער מאַמען
ליגט זי אין די גריבער...

כ׳האָב אין שלאַכט פאַר זיי גענומען
ניט איין מאָל נעקאָמע,
איצטער וויל איך, ס׳זאָל ניט קומען
ווידער אַ מילכאָמע.

אוי, געליבט האָב איך אַ מיידל
מערער ווי דאָס לעבן,
פאַר איר כאָכמע, פאַר איר שמייכל
אַלץ כ׳וואָלט אָפּגעגעבן.

אונדזער פאַריזשער לייענער זשאַק איידלמאַן שרײַבט, אַז אין 1986 איז ער געווען מיט אַ גרופּע וועטעראַנען פון דער פראַנצויזישער קאָמוני־

סטישער פאַרטיי אין ראַטנפאַרבאַנד. „מיר האָבן באַזוכט וואָלגאָגראַד, נאָוואָ־סיבירסק, אירקוטסק, אוזבעקיסטאַן. אין נאָוואָסיבירסק האָט מיך אַ זשור־נאַליסטקע אינטערוויוירט. ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז איך געדענק נאָך, ווי ערעוו די דרײַסיקער יאָרן האָט מען בײַ אונדז דיסקוטירט, צי ס׳איז מעגלעך אויסבויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, ווי מע האָט בײַ אונדז געריידט וועגן אַ באַוואָפנטער דעמאָנסטראַציע, וואָס די טראָצקיסטן האָבן אָרגאַניזירט אין 1927, ווען איך האָב צוגעגעבן, אַז איך בין געווען אין ראַטנ־פאַרבאַנד אויך אין 1935 — אין מאָסקווע, לענינגראַד, סווערדלאָווסק, טשע־ליאַבינסק, מאַגניטאָגאָרסק, האָט די קאָרעספּאָנדענטקע באַמערקט, אַז איך בין בעצעמעס אַ שטיקל „לעבעדיקע געשיכטע". אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר מײַנע אויגן האָבן געזען אַ סאַך. איבערגעלעבט האָב איך ניט ווייניקער, איבערגעטראַכט אויך געגנוג. איך וואָלט וועלן, אַז וועגן דעם, וואָס איך האָב איבערגעפילט, וואָס איך ווייס, זאָלן וויסן אַלע מײַנע פרײַנט, מיטקעמפער, אידיי־כאַווײרים.

איך פאַרשטיי, אַז דער מאַנוסקריפּט, וואָס כ׳האָב פאַרפאַסט, איז ניט קיין שעדעווער, פּונקט ווי דער בעסטער פּאָעט, אָדער אַ מיניסטער, אָדער דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק וועלן ניט אָפּנייען קיין מאַנטל אָדער קיין שיך אַזוי גוט, ווי ס׳טוען עס פאַכמענער. וועל איך ניט שרײַבן אַזוי שיין, ווי עס שרײַבן פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטן. און דאָך האָב איך זיך דער־וועגט מײַנע זיכרוינעס און אַלץ, וואָס עס האָט זיך אויסגעפּיקט בײַ מיר, באַווײַזן איינעם פון די אָנפירער פון אונדזער פּאַרטיי עטיען פאַזשאָנען. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער האָט געלייענט מײַן מאַנוסקריפּט מיט פיל אכטונג. זײַן מיינונג וועגן אים איז אַ פּאָזיטיווע, די קאַפּיטלען, אין וועלכע עס ווערן באַהאַנדלט פּאָליטישע טעמעס, שליסן אײַן אין זיך אייניקע ניט באַריכטע בײַז הײַנט אַספּעקטן. אָבער ער, פאַזשאָן, איז ניט בעקוועם מיט־ווירקן, אַז עמעצער פון די פראַנצויזישע פאַרלעגער זאָל דעם קסאַוויאַד פאַרעפנטלעכן אין אַ בוך־פאָרם, סײַדן זיך ווענדן צום פאַרלאַג „דער אוטאָר באַצאָלט אַליין". ליידער האָב איך ניט קיין מעגלעכקײַט אָנצוקומען צו אָט דעם „אַליינעניר־פאַרלאַג". קיין נאָגיד בין איך ניט.

דעריבער ווענדע איך זיך צו „סאָוועטיש היימלאַנד". עפשער וואָלט דער זשורנאַל אָפּגעדרוקט מײַן אַרבעט? אויב עס וועט אויסלכס פּאַסירן, בעט איך געבן פאַר דער פּובליקאַציע אַזאַ פאַרוואָרט: „איך שילדער דאָ דאָס לעבן פון אונדזער פאַמיליע — איינע צווישן די הונדערטער טויזנטער, אומגעבראַכ־

טע מיצאַד די נאַציס. איך האָב זיך געסטאַרעט שרײַבן פּאַשעט, גאָרנישט ניט פֿאַרפּוצן, ניט פֿאַרשענערן, ניט ראָמאַנטיזירן. איך װיל, אַז, איבערלייענעדיק מײַנע זיכרױנעס, זאָלן די איצט לעבנדיקע דערפֿילן, אַז די מיליאָנען אומגעבראַכטע מיצאַד די פֿאַשיסטן זײַנען געװען פּאַשעטע מענטשן — מענער, פֿרױען, קינדער — אַזעלכע, װי מיר, װי יענע, װאָס מיר באַגעגענען טאָגטעגלעך אױף דער אַרבעט, אין גאַס, אין קינאָ־טעאַטער, אָדער אױף די טרעפּ פֿון אונדזער הױז. אין מײַן קסאַװיאַד װערן אָפּגעשפּיגלט דרײַ פּעריאָדן: דאָס פֿינצטערע לעבן אין בעסאַראַביע, דער אָנקום אין פּאַריזש און דער קריג מיט זײַנע טראַגעדיעס...״

אין אונדזער איבערזיכט איז שױן געװען דערמאָנט דער נאָמען פֿון מאַניע גײַציס. איצט װילן מיר ברענגען אױסצוגן פֿון איר אײגענער װענדונג צו דער רעדאַקציע פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד״. די אַלמאָנע פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם אַמעריקאַנישן ייִדישן בעלעטריסט שרײַבט: „איך װײס ניט, װאָס עס האָט מיך איצט געצװוּנגען צו אַדרעסירן אײַך אָט די פּאָר װערטער. אַן אומבאַגרײַפֿלעכער געפֿיל אַזאַ. עס נאָגט און װײטיקט די נעשאָמע. הײַנט, אין אָט די מינוטן װערט דרײַ כאַדאָשים, זינט מױשע גײַציס איז אַװעק אין דער אײביקײַט. װען איך בין אין אײן פֿרימאָרגן אַרײַנגעקומען אין שפּיטאָל און געזאָגט אים, אַז עס איז אָנגעקומען אַ בריװ פֿון מאָסקװע מיט אַן אָפּדרוק פֿון זײַנער אַ דערצײלונג — האָבן זיך גלײַך אַן עפֿן געטאָן זײַנע מילכבלױע, נאַיִװע אױגן און צװײ בריליאַנטענע טרערן האָבן זיך באַװיזן אין זײ אױף אַ װײַלע — זילבערדיק אַ פֿינקל געטאָן און אַראָפּגעקײַקלט זיך איבער זײַן בלאַס, אָפּגעצערט אױסדרוקספֿול פּאָנעם. אַנטשולדיקט פֿאַר מײַן שרײַבן צו אײַך. ניט איך, נאָר מײַן צעבראָכנקײַט, מײַן טיפֿער װײטיק רעדט אַרױס פֿון מיר... אָבער — װי מע זאָגט אין רוסלאַנד — זאַקאָן פּריראָדי... זײַט געזונט און שטאַרק. זאָל די פּראַכטפֿולע אַרבעט פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד״ זײַן אױך אױף װײַטער דערפֿאָלגרײַך...״

פֿאַרלױסטן, צום גרױסן באַדױערן, האָט אונדזער ליטעראַטור אַ סאַך, און אין אַלע עקן װעלט. עס גײען אַװעק די שעפֿער, נאָר ס׳בלײַבן זײערע אױפֿטוען. אָט װאָס עס שרײַבט אונדז פֿישל טאָביאַשס אַלמאָנע און נאָענטסטע מיטקעמפֿערן כאַנע טאָביאַש:

„שױן אַ פּאָר מאָל געפּרוּװט זיך נעמען אָנשרײַבן כאָטש עטלעכע װערטער, נאָר עס לײגן זיך מיר ניט די הענט. קוידעמקאָל, אַ האַרציקן דאַנק אײַך פֿאַר דער מיטלײַד־טעלעגראַמע. דוכט זיך, װאָס? אַ פּאָר װערטער,

וואָס דריקן אויס דעם טרויער פונעם פאַרלוסט. איך ווייס, אָבער, אַז די דאָזיקע פאַר ווערטער קומען פונעם גאַנצן האַרצן.

ס'איז שווער זיך פאָרשטעלן: מיר זײַנען געקומען אין מאָנטעווידעאָ פרײַטיק דעם 24־טן אָקטיאָבער אינדערפרי, און דעם זעלבן טאָג פֿאַרנאַכט — אין איין מינוט אַוועקגעפאַלן, און שוין — אויף אייביק. דאָס זײַן אין מאָסקווע, נאָך אויף אַזאַ פֿײַערונג ווי דער יוביל פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז געווען אַ גרויסע פּרעמיע פאַר אים און פאַר מיר אויך. און פאַר וועמען ניט?

מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט אייך אַלעמען, און איר זײַט אַזעלכע פּאַ־שעטע, אַזעלכע האַרציקע מענטשן, אַז אָפּטמאָל דוכט זיך מיר: ס'איז געווען מײַנע אַ פֿאַנטאַזיע צו גיין באַנאַנד מיט די סאָוועטישע ייִדישע קולטור־טוער און שרײַבער. מיר זײַנען געווען אַזוי גליקלעך, אַז איך האָב אין מײַן אונ־טערבאַוווסטזײַן מוירע געהאַט, ס'זאָלן אָט די טעג מיר ניט פֿאַרשטערט ווערן. און זיי זײַנען מיר גרויליק פֿאַרשטערט געוואָרן.

פישל האָט זיך געמאַכט פּלענער ווידער צו קומען קיין מאָסקווע, צו די דרײַסיק יאָר „סאָוועטיש היימלאַנד". נו, פּלענער, פּלענער — אַלע זײַנען זיי אַזוי אַכזאָריעסדיק איבערגעריסן געוואָרן צוגלײַך מיט זײַן שיין לעבן. זײַן אומגעריכטער טויט האָט סײַ מיך, סײַ די קינדער אונדזערע אַזוי דער־שלאָגן, אַז עס איז מיר נאָך אַלץ שווער צו גלייבן, שווער זיך צוגעוווינען צו דער ווירקלעכקײַט. בלויז זײַן קייווער אויפן בעסוילעם באַשטעטיקט דאָס, און די פּוסטקײַט אין מײַן שטוב.

פונדעסטוועגן, האָב איך מײַן מיסיע אויסגעפילט. וועגן דעם צונויפֿ־קום און וועגן די באַשלוסן, וואָס זײַנען אָנגענומען געוואָרן מיצאַד די סאָוועטישע און אויסלענדישע דעלעגאַציעס, איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אונדזער ראַדיאָ־שאָ, וואָס טראַנסלירט זיך איין מאָל אין וואָך.

אַ נאָטיץ האָט אויך פֿאַרעפֿנטלעכט די טעגלעכע צײַטונג אויף שפּאַניש — קיין ייִדישע איז אין מאָנטעווידעאָ ניטאָ.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך פישלס טויט האָב איך איבערגעגעבן אין דער זשיטלאָווסקי־געזעלשאַפט אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן די פֿײַערונגען אין מאָסקווע. עס קומט אויס אָפט צו דיסקוטירן מיט מענטשן, יווײַל, ווי מיר האָבן נאָך דאָרט בײַ אײַך געשמועסט, מאַכט איר וועגן זיך ווינציק פּראָפּאַ־גאַנדע. פּאַשעטע מענטשן ווייסן ניט וועגן אײַך. איך ווײַז אַלעמען די ביכער, וואָס מע האָט מיר געשענקט, איך באָרג זיי צו לייענען, כ'דערצייל אַ סאַך וועגן די יונגע שרײַבער און קינסטלער, וועגן דעם ייִדישן טעאַטער. דער ספּע־

ציִעלער יוגנט־נומער פֿונעם זשורנאַל קומט מיר גוט צו הילף פֿאַר די, וואָס גלייבן ניט, און פֿאַר די, וואָס גלייבן יאָ, נאָר מיט געוויסע רעזערוון. איך זאָג זיי, אַז כ׳האָב אַליין מיט אַ סאַך יונגע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער געשמועסט, און טאַקע אויף ייִדיש. האַקלאַל, כ׳בין אַ לעבעדיקער איידעס. אַ שאָד, וואָס דער צווייטער איידעס האָט צו דעם ניט דערלעבט.

עס פּאַסירט צומאָל: לייענסט איבער אַ בוך, באַקומסטו אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג, אָבער נאָכדעם, ווען דו באַקענסט זיך פּערזענלעך מיטן מעכאַבער, אַנטוישסטו זיך. דאָ איז געשען פּונקט דאָס פֿאַרקערטע. איך לייען די אַלע ביכער, די דערציילונגען און פּאָעטישע זאַמלונגען, וואָס מיר האָבן געבראַכט פֿון מאָסקווע, ווי אויך די זשורנאַל־נומערן, — איצט לייען איך זיי, מיט מער דערעכערעץ צו די שרײַבער און אויך מיט ליבשאַפֿט צו זיי. געבענטשט זאָלט איר אַלע זײַן און אײַער ווערטפֿולע שעפֿערישקײַט".

אין אַ צווייטן בריוו, וועלכן כאַנע טאָביאַש האָט אונדז צוגעשיקט שפּעטער, גייט אַ רייד וועגן אַ מאַטאָנע, וועלכע זי וואָלט וועלן פּרעזענטירן דער רעדאַקציע פֿון אונדזער זשורנאַל און וועלכע זאָל זיך בײַ אונדז רופֿן „פֿישל טאָביאַשס מאַטאָנע". „איבערקוקנדיק אַ סאַך, זייער אַ סאַך וויכטיקע, לויט מײַן מיינונג, אַרטיקלען, וואָס פֿישל האָט געשריבן אויף פֿאַרשיידענע טעמעס, הויפּטזאַכלעך, ליטעראַרישע, היסטאָרישע, אָפּהאַנדלונגען וועגן ווערק פֿון אייגענע שרײַבער, דיסקוסיעס מיטן ציִעניזם און זײַנע מאַנהיגים, האָב איך זיך נאָך און נאָך איבערצײַגט, אַז פֿישל טאָביאַש איז קעסיידער געווען אַ הייסער פּאַרטייִדיקער פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד, בײַ יעדער געלעגנהײַט פֿלעגט ער אויסדריקן זײַן געטרײַשאַפֿט צו אונדזערע אידייען, צו אײַך, שרײַבער און פֿרײַנט. און מיר איז געקומען אויפֿן געדאַנק צו פֿרעגן אײַך, צי נייטיקט איר זיך אין אַ פֿילבענדיק ווערק, וואָס איז, דוכט זיך, אַן אוניקום, ניט צו קריגן און געפֿינט זיך אין אונדזער פּריוואַטער ביבליאָטעק, דאָס איז ציִנבערגס „די געשיכטע פֿון ליטעראַטור בײַ ייִדן". דאָס איז אַ קוואַל, פֿון וועלכן עס קאָנען געניסן סײַ די עלטערע שרײַבער, סײַ די יונגע פֿלעיאַדע. פֿאַר מיר איז אַ גרויסער קאָוועד צו שענקען „סאָוועטיש היימלאַנד" די אויסגאַבע".

פֿאַר דער רעדקאָלעגיע איז אַ גרויסער קאָוועד, וואָס עס זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וועלכע לעכצן נאָך דער גײַסטיקער שפּײַז, וואָס עס טראָגט מיט זיך דער זשורנאַל פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור.



# אַף דער כוואליע פון גלאסנאָסט

מיר לעבן אין א גורלדיקער צײַט: עס האָט זיך אין גרונט פארענדיקט דער ערשטער עטאפ פון דער איבערבויונג. ס'איז אלזײַטיק אויסגעקלאָרט געוואָרן, וואָס מיר זײַנען מעכויעוו אויפטאָן און וויאזוי מיר קאָנען דערגרייכן אונדזערע צילן. אַף דער באגעגעניש מיט די אָנפירער פון די אידעאָלאָגישע אנשטאלטן, שעפערישע פארבאנדן און מיטלען פון מאסן־אינפאָרמאציע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין צענטראל־קאָמיטעט פון אונדזער פארטיי האיאָר דעם 8 יאנווואר, האָט דער גענעראל־סעקרעטאר פון צק קפסס מ. ס. גאָרבאטשאָוו באטאָנט, אז דער צווייטער עטאפ איז א ביז גאָר קאָמפליצירטער, ווײַל די קאָנצעפציע פון דער איבערבויונג דארף אָפן ברייטסטן אויפן זיך בארירן מיטן לעבן, מיט דער פראקטישער טעטיקײַט פון מיליאָנען סאָוועטישע מענטשן.

דאָס פאָלק שטיצט די איבערבויונג. אָבער איר ערשטער עטאפ האָט באוויזן, אז עס זײַנען פאראַן ניט ווייניק אומשטאנדן, וואָס טאָרמאָזירן זי. די איבערבויונג קריטיקירן אייניקע פון רעכטס, אייניקע — פון לינקס. סײַ די און סײַ יענע פארשטייען ניט, אָדער ווילן ניט פארשטיין, אז די דעמאָקראטיזירונג פונעם לעבן בא אונדז אין לאנד פאָדערט א העכסטע פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר יעדן טאט. פארשטייט זיך, אז די קריטיקער באקומען אן ענערגישן געזעלשאפטלעכן ווידערשטאנד. נאָר, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אין זײַן ארויסטרעטונג אַף דער באגעגעניש אין צענטראלן קאָמיטעט מ. ס. גאָרבאטשאָוו, — ס'וואָלט זײַן ניט רעאליסטיש צו קלערן, אז מיר האָבן שוין פולקום צעבראָכן דעם מעכאניזם פון טאָרמאָזירונג.

ווי טאָמיד בײַס א שמועס, שווימען אויף אַף דער אויבערפלאך פונעם לעבנס־יאם פארשיידענע אומרייניקײַטן, וועלכע זײַנען געווען א לאנגע צײַט פארהילט אינעם שליים אפן דנאָ. דעם דאָזיקן שוים איז אומעגלעך לײַכט ארויפלאָזן, ווי די פינע פון א קופל ביר.

אײנע פון אָט די נעגאטיווע דערשײַנונגען, וועלכע האָבן זיך לעצטנס אנטפלעקט, איז די ניטפאָרמעלע פארייניקונג „פאמיאט". א שטיק צײַט

איז אַט די אָרגאַניזאַציע געווען טעטיק פון הינטן־אַרום אַ ניט־דערקענטע, אַ פאַרמאַסקירטע. מיט וואָס זי פאַרנעמט זיך, ווּהין זי פירט דעם אוילעם, האָט די ברייטע עפנטלעכקייט ניט געוווּסט, ס׳קאָן זײַן דערפֿאַר, ווײַל די רעדלפֿירער פון דער פאַרייניקונג האָבן אויף אַלע אויפֿאַנים דעקלאַרירט, אַז זי איז אָן אַנהענגערן און אַקטיווע אָנטיילנעמערן פון דער איבערבויונג.

אָבער ווען מע האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס די „פּאַמיאַט״ פּריידיקט, איז געוואָרן קלאָר, אַז די איבערבויונג האָבן אירע לידערס ניט אין זינען. כּוץ דעם, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מערהייט פּאַשעטע מיטגלידער פון אַט דער פאַרייניקונג אַפּלאָדירן אירע אָנפירער פאַר אייניקע זייערע שיינע רייד, ביז די אָנפירונג זייערע אַנטפּלעקט גאָר אַנדערע לײַדנשאַפטן און „ווערטן״. די אָפּגעגנאַרטע מאַסע פון „פּאַמיאַט״ ווערט אַרײַנגעצויגן אין איניאָנים, וועלכע שטערן דער איבערבויונג. אויף מײַלן טראָגט זיך פון דער „פּאַמיאַט״ דער רייעך פון שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם, און זי מאַכט ניט קיין סאָד פון אירע אָנשוויונגען. עקסטרעמע אַגרעסיווקייט, פאַרביסענער אַנטיסעמיטיזם פּאַרן זיך צונויף בא די אָנפירער פון „פּאַמיאַט״ מיט אַ געוויינלעכן אַנטיסאָוועטיזם.

פיל אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן דריקן אויס זייער פאַרדראָס, פרעגנדיק, וויאַזוי עס האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז אַזאַ גיפטיק באַשעפעניש איז געוואָרן אַ פאַקט פון אונדזער לעבן.

„ס׳איז מיר שווער צו באַנעמען, — שרײַבט מ. ניסקי פון טשעליאַ־בינסק, — פאַרוואָס עס ווערט דערלויבט די עקזיסטענץ פון אַ רעאַקציאָנע־רער אָרגאַניזאַציע בא אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד? די מיטגלידער פון דער פאַרייניקונג „פּאַמיאַט״ זײַנען דאָך פאַקטיש אויווער אויף דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע. זיי טרעטן אַרויס קעגן דעם פּרינציפּ פון פעלקער־פרײַנט־שאַפט — איינעם פון אירע ווינקלשטיינער. הערט נאָר, צו וואָס זיי רופן: מע דאַרף נעמען לאָמען און פּלאָקנס און זיך אָוועקלאָזן קעגן די פײַנט... די „פײַנט — דאָס זײַנען, ווײַזט זיך אויס, די ייִדן...״

מ. ניסקיס בריוו אַנטהאַלט אַ פּאָלעמיק מיט די איבערזיכטן, אויף וועלכע ער רופט זיך אָפּ. אים דוכט זיך, אַז אין „פּאַמיאַט״ זײַנען ביכלאַל קיין ערלעכע מענטשן ניטאָ, און ער באַשטרײַט די באַהויפּטונג אינעם איבערזיכט „ווען דעמאַגאָגן צעגאַרטלען זיך״, אַז די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט מאַכמעס איר ניט־פּאָרמעלן זעלבסטעטיקן כאַראַקטער צוגעצויגן צו זיך אַ סאַך ער־לעכע מענטשן, וועלכע זײַנען טיף פאַרינטערעסירט מיטן גוירל פון דער פּאָ־

טערלענדישער קולטור, מיט דעם, ווי אזוי עס ווערן רעסטאווירט און אויס־געניצט די דענקמעלער פונעם אלטערטום. מ. ניסקי האלט, אז „ערלעכע מענטשן וואָלטן ניט געקאָנט זיך באציִען רויִק צו אנטיסעמיטישע רייד, זיי וואָלטן געדארפט פּראָטעסטירן, עפנטלעך מעלדן, פארוואָס זיי האָבן אָט דעם ראַי פארווּרטיילט. נאָר עפּעס הערט מען ניט וועגן אזעלכע ארויסטרעטונגען".

פון דער שטאָט רעוטאָווא, מאָסקווער געגנט, האָט אונדז צוגעשיקט א בריוו די לייענערן מ. ראטנער. „איך בעט אנטשולדיקן מיך, וואָס איך שרייב ניט אף יִדיש. פאר מיינע פריִערדיקע בריוו פלעג איך אייניקע ווערטער אנטלייען אין ווערטערבוך. איך בין קראנק, כ'שרייב ליגנדיק און באנוצן זיך מיטן ווערטערבוך איז מיר שווער. איך מיין, אז ס'איז ניט קיין גרויסער כעט, וואָס איך שרייב אף רוסיש. די דאָזיקע שפּראַך איז פאר אונדז אויך מאמע־לאָשן. אלעמאָל, ווען כ'דערוויס זיך עפּעס וועגן די דערגרייכונגען פון אונדזער נאציאָנאלער קולטור, פון דער יִדישער ליטעראטור, כאפּט מיך ארום א גרויסע פרייד. עס וואכן אוף געדאנקען, וועלכע ס'ווילט זיך ארויס־זאָגן. די בּאראטונג פון די יונגע יִדישע שרייבער, וועלכע עס האָט דורכגע־פירט די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד", איז א באווייז פון דער נוצ־לעכער ארבעט, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די לעצטע עטלעכע יאָר. וויפל אינטערעסאנטע מיינונגען זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרן סיי מיצאד די יונגע, סיי מיצאד די עלטערע ליטעראטן! מיר טוט האנאָע, וואָס אייניקע פון די פארעפנטלעכטע געדאנקען זיינען אין איינקלאנג מיט מיינע, וועלכע איך האָב ארויסגעזאָגט אין פאָריקן בריוו. איך בין ניט אזא זיכערע אין זיך, קעדיי צו קלערן, אז דאָס האָט מיין בריוו אונטערגעזאָגט די מיטגלידער פון דער רעדקאָלעגיע, זיי זאָלן אף דער באראטונג אָנווייזן אף דעם, אז סטאלין האָט פארניכטעט דעם בעסטן טייל פון דער יִדישער אינטעליגענץ און אף לאנג פארהאלטן די אנטוויקלונג פון דער יִדישער קולטור. כ'האָב פּאָשעט דערפילט זיך שטאָלץ, וואָס איך, א פּאָשעטע פרוי, האָב געקלערט וועגן דעם, און אזוי געקלערט, ווי עס האָט איצטער געקלונגען אין די ווענט פון דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד".

אונדזער קאָרעספּאָנדענטקע איז מאסקים, אז די לייענער־פּראָבלעם און די פּראָבלעם צו פארהיטן די יִדישע רייד־שפּראַך וואַרטן אף א קארדינאלער לייזונג. וואָס פאר א דערגרייכונגען עס זאָלן ניט האָבן אונדזערע פּראָזאִי־קער און פּאָעטן, קאָנען זיי אָן די לייענער ניט עקזיסטירן. מ. ראטנער מיינט, אז עס וואָלט געווען זייער גוט איינצופירן אין די שולן פאקולטאטיווע יִדיש־

לימודים: ווער עס וויל, אדרבה, באהערשט די שפראך. זי שטיצט דעם געדאנק, וואָס עס האָט ארויסגעזאָגט אף דער באראטונג פון די יונגע ד. יושקאָווסקי — זאָל יעדערער בא זיך אינדערהיים רעדן אף ייִדיש, ווי אויך לערנען זייִנע קינדער און די כאווײרים פון זייִנע קינדער רעדן אף ייִדיש. און זאָל דאָס קלייִנוואַרג האָבן אן אנונג וועגן דער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק, וועגן דער ייִדישער קולטור און די ייִדישע טראדיציעס. „ס'וואָלט ניט געווען איבעריק, עס זאָל באוווסט ווערן פאר די, וואָס גייען נאָך אונדז, אז דער אופבלי פון דער ייִדישער קולטור פאלט צונויף מיט די ערשטע נאָכרעוואָליוציאָנערע יאָרן. איך בין פולקום מאסקים מיט דעם מאָסקווער ייִדישן פראָזאיִקער ג. עסטרייִך, ווען ער באהויפטעט, אז אן אינטערנאציאָנאליסט קאָן ווערן בלויז אזא מענטש, וואָס האָט ליב זייַן אייגן פאָלק, זייַן אייגענע נאציאָנאלע קולטור".

אזא איז, אזוי צו זאָגן, די פרעאמבולע פון דעם בריוו, וואָס עס האָט אונדז צוגעשיקט אונדזער לייענערן מ. ראטנער. ווייִטער גייט א רייד וועגן „פאמיאט". דעם טייל פון איר בריוו הייבט אָן די לייענערן מיט א פאָלעמיק. „ל. ראכמאן לייגט פאָר דרוקן אף די זייטלעך פון „סאָוועטיש היימלאנד" ארטיקלען וועגן דער פאָזיטיווער ראָל פון די ייִדן אין דער אָקטיאבעררעוואָליוציע, אינעם בירגערקריג, אין דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, ווי אויך וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדישע מאסן אין דער פרידלעכער בויונג. דאָס וואָלט, לויט דער מיינונג פון ל. ראכמאנען, געדינט אלס קאמפּס-מיטל קעגן די שוואַרצמייעניקעס פון דער „פאמיאט". דער פאָרשלאָג פונעם יונגן ייִדישן קולטור-טוער פון טשעליאבינסק איז, פארשטייט זיך, וויכטיק, דאָס וועט וועקן און פעסטיקן די נאציאָנאלע ווירדע און זעלבסטבאוווסטזייִן בא די ייִדישע לייענער. אָבער די אויבנדערמאָנטע שוואַרצמייעניקעס וועט מען מיט אזא אינפאָרמאציע ווייניק-וואָס זאָגן. די אָנפירער, אפילע ווען זיי מאכן אָן אָנשטעל, אז זיי הערן, וואָס מע רעדט צו זיי, טוען סייִוויסיי זייערס. איך בין איבערצייִגט, אז דאָ קאָן מען זיך ניט באגיין אָן אדמיניסטראטיוו-געריכטלעכע מאָסמיטלען".

אזוי דענקט אונדזער לייענערן פון דער הינטערמאָסקווער שטאָט רעוטאָווא. מ. ראטנער באטאָנט אין איר בריוו, אז די דעמאָקראטיזירונג פון אונדזער לעבן און די עפנטלעכקייִט האָבן קיין שום שייִכעס ניט מיט אלץדערלויבטקייִט. בא אונדז זייִנען פאראן געזעצן, וואָס דערלויבן באשטראָפן די, וואָס פארנעמען זיך מיט פּראָפּאגאנדירן פעלקער-האס. ס'איז דאָך

באַוווּסט, אַז גלײַך נאָכן זיג פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז אַנטיסעמיטיזם געשטעלט געוואָרן אויסער דעם געזעץ, און דער דאָזיקער געזעץ איז ניט אָפּגעשאַפֿן געוואָרן. מ. ראַטנער האַלט, אַז מע דאַרף זיך אַקטיוו קעגנשטעלן דעם בייז, און „ווען אַלע צײַטונגען און זשורנאַלן, וועלכע האָבן זיך קריטיש אָפּגערופֿן וועגן „פּאַמיאַט“, נעמען זיך צונויף און ווענדן זיך אײנײנעם אין די געהעריקע אינסטאַנצן, וואָלט מען געקאָנט דערוואַרטן אַ פּאָזיטיווע לייזונג פֿון אָט דער פֿראַגע“.

פּ. קאַליקאַ טיילט מיט, אַז אין באַקו דערלערנט מען ייִדיש און העברעיִש. די לימודים אונטערריכטן קוואַליפֿיצירטע מענטשן, וויסנשאַפֿטלער. צווישן די, וואָס לערנען די שפּראַכן, זײַנען פֿאַראַן ייִדן־אַשקענאַזים, באַרגייִדן, וואַרטאַשענער און שירוואַנער ייִדן. און נאָך טיילט אונדזער לייענער מיט, אַז אין באַקו איז אָנגענומען אַ באַשלוס צו עפֿענען אַ קאָנטקענטעניש־מוזיי אין נאָמען ייִשעיו קראַסנאַיאַ סלאָבאָדאַ — דער געוועזענער ייִדישער סלאָבאָדע. דאָס וועט זײַן אַ פֿאָלקס־מוזיי. פּיניע קאַליקאַ שרײַבט: „דעם עמעס זאָגנדיק, איז בײַ אונדז אַפֿילו פֿאַר דער מלחמה ניט געווען אַזאַ מוזיי. איך גלייב נאָך דערווײַל ניט זיך אַליין, כאָטש איך האָב מיט מײַנע אייגענע אויערן געהערט אַ פֿאַרזיכערונג וועגן דעם אין אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן אַנשטאַלט. ווי נאָר דאָס וועט מקוים ווערן, וועל איך אײַך מיטטיילן, וויאַזוי עס ווערט געגרייט די עקספּאָזיציע פֿונעם מוזיי און ווען עס וועט זײַן די אָפֿיציעלע עפֿענונג“.

פּ. קאַליקאַ איז אַ פּעדאַגאָג, ער האָט צו טאָן מיט קינדער, ווײַזט אויס, טאַקע דערפֿאַר איז ער אַזוי פֿילבאַר צו אַ באַליבּיקער אומגערעכטיקייט. אין זײַן בריוו אין רעדאַקציע טיילט ער זיך מיט זײַנע געדאַנקען אין שײַכות מיט די מאַטעריאַלן אין דער צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ קולטורא“ וועגן דער קאָנפֿערענץ אין לענינגראַדער אוניווערסיטעט, וווּ עס איז אַרויסגעטראָטן אויף דער טריבונע דער „ערשטער מענטש“ אין „פּאַמיאַט“ ד. וואַסיליעוו. פֿאַר אונדזער לייענער איז ניט פֿאַרשטענדלעך, ווער און מיט וועלכע רעכט האָט אײַנגעלאַדן אויף דער וויסנשאַפֿטלעכער קאָנפֿערענץ אין לענינגראַד דעם אַנטיסעמיט וואַסיליעוו פֿון מאָסקווע! ווער צאָלט אים, אַזוי צו זאָגן, „קאָמאַנדירונג־געלט“? ווער האָט פֿאַרבעטן די קינאָ־אָפּעראַטאָרן אין די פֿאָטאָגראַפֿן, וועלכע האָבן זיך טײַקעף באַוויזן אין קאָנפֿערענץ־זאַל פֿונעם אוניווערסיטעט, ווי נאָר וואַסיליעוו איז אַרויף אויף דער קאַפֿעדרע און גענומען אַראָפּרײַסן פֿון זיך דעם פֿאַריק און דעם גרים? אַזעלכס קומט דאָך ניט פֿאָר

„פון זיך אַליין“? פּ. קאַליקאַ קאָן ניט פאַרשטיין די פּאָזיציע, וואָס עס פאַרנעמט דער אויטאָר פונעם רעפּאָרטאַזש וועגן דער לענינגראַדער קאָנפערענץ. „אויב דער כאַווער פּעטראָוו איז איבערצייגט, אַז אין די רעדעס פון די „העלדן“ פון זיין רעפּאָרטאַזש פילט זיך ניט קיין רעאַלע זאָרג וועגן דעם היימלאַנד, וועגן אונדזער געשיכטע, איז וואָס זשע באַגייסטערט זיי? פאַר וואָס ניט זאָגן אָפן, אַז דאָס איז אַ רעצידיוו פונעם אַנטיסעמיטיזם? אַזעלכע רעצידיוון האָט וו. אי. לענין זייענערצייט געגעבן אַן אויסשעפּלעכע דעפיניציע — צעצינדונג פון סינע קעגן די ייִדן“. ווייטער שרייבט פּ. קאַליקאַ: „ווי קאָן עס זיין דערלאָזבאַר, אַז אין אונדזער לאַנד, וואָס גייט אינעם אַוואַנגאַרד פון דער מענטשהייט, אויפן וועג פון סאָציאַלן פּראָגרעס, זאָלן מענטשן שטעלן עפנטלעך אַ גלייכצייכן צווישן מאַרקסיזם און ציוניזם בלויז דערפאַר, וואָס קאַרל מאַרקס איז לויט דער נאַציאָנאַליטעט געווען אַ ייִד?“

אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזערע איבערזיכטן „געלייענט אין דער סאָוועטישער פּרעסע“ האָט טייַנעס צו דער רעדאַקציע ב. ראַבינאָוויטש פון דער שטאָט קאָסטראָמאַ. „מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט האָב איך איבערגעלייענט דעם אַרטיקל „ווען דעמאַגאָגן צעגאַרטלען זיך“, — שרייבט ער אין איינעם פון זיינע בריוו. — דעם לייענער איז אונטערגעטראָגן אַ זיכערער מאַטעריאַל. נאָר ניט אין דעם גייט עס. ניט אויף אָט דעם וואַרטן מיר פון אייך. ניט אויף קיין איבערזיכט פון צייטונגס־מאַטעריאַלן, ניט אויף קיין קאָנסטאַטאַציע פון פאַקטן. מיר ווילן באַקומען אַ גענויעם ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס פאַר אַ סיבעס האָבן אַרויסגערופן די נעגאַטיווע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן בכלל און פון „פּאַמיאַט“ בפרט?“

אונדזערע לייענער שרייבן, אַז ליבעראַל געשטימטע אין באַצוג צו דער „פּאַמיאַט“ זיינען פאַראַן סיי אויף „רעכטס“ און סיי אויף „לינקס“. די „רעכטע“ טייַנען, אַז קיין גרעסערע פּאַטריאָטן פון אונדזער לאַנד, ווי די לידערס פון „פּאַמיאַט“, זיינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ — זיי זיינען, קלויַמערשט, מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין דער איבערבויונג, זיי זיינען בכלל לייטישע מענטשן. איי דאָס, וואָס זיי פּריידיקן, אַז אין אַלע אונדזערע צאָרעס זיינען שולדיק „די ציוניסטן און קאָסמאָפּאָליטן“, איז בא זיי פּאָשעט אַ פאַרבלענדעניש, און דער אַנטיסעמיטיזם בא זיי איז אויך ניט קיין אָרגאַנישער, מע דאַרף זיי דערוויַזן, אַז זיי זיינען ניט גערעכט, מע דאַרף מיט זיי דיסקוטירן. די „לינקע“ אַדוואָקאַטן פון „פּאַמיאַט“ אַנערקענען, אַז אין אָט דער פּאַרייניקונג איז ניט אַלץ אין אָרדענונג, מיט אַ יאָר דריי צוריק איז

זי געווען א פאַרגעשריטענע, זיך פאַרנומען מיט גוטע איניאַנים. נאָר אין דער לעצטער צײַט האָבן זי פאַרכאַפּט פרעמדע עלעמענטן — עקסטרעמיסטן און אמעראַצים. מע דאַרף פון זיי פּאַטער ווערן, וועט אַלץ זײַן קעשורע.

דערווײַל פּאַטערן ניט די אַקטיוויסטן פון „פּאַמיאַט" אומזיסט קיין צײַט. זיי ווערן אַלץ פרעכער. דאָס האָט באַוויזן, לעמאָשל, זייער באַגעגע־ניש מיט דער געזעלשאַפטלעכקײַט פונעם מאָסקווער אווטאָמאָביל־זאַוואָד אף ליכאַטשאָווס נאָמען. זיי זײַנען אהין געקומען אין שוואַרצע מײַקעס, אף וועלכע ס'זײַנען אָנגעמאָלט גלעקער, עפּעס א מין סימבאָל. אף דעם לעבנסוועג פונעם עלטערן דאָר האָבן זיך שוין איינמאָל באַגעגנט „שוואַרצ־העמדלדיקע" — די גוואַרדיע פונעם דוטשע מוסאָליני אין איטאַליע. בײַם דער באַגעגעניש מיט די „שוואַרצהעמדלדיקע" האָט קיינער ניט געצווייפלט, ווער זיי זײַנען, — אַלעמען איז געווען קלאָר: פאַשיסטן!

אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן ווײַזן אָן, אַז די אָנשטרענגונגען פון „פּאַ־מיאַט" צו צעוועקן בא אונדז אין לאַנד דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלן אין אַלע פאַלן לײַדן א מאַפּאָלע, ווײַל אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם זײַנען טאָמיד געווען און בלײַבן פרעמד דעם רוסישן פאָלק און אַלע אַנדערע פעלקער פון אונדזער סאָוועטנפאַרבאַנד.

דאָ איז ווינטשנסווערט דערמאָנען וועגן נאָך איין אַספּעקט, מיט וועלכן עס איז דירעקט פאַרבונדן די אידעאָלאָגיע פון „פּאַמיאַט" און וועגן וואָס עס שרײַבן אונדז א סאַך לייענער. דער אירקוטסקער טוישעוו ס. קאַזימי־ראָווסקי האַלט, אַז די אַקטיוויסטן פון „פּאַמיאַט" זײַנען פרײַוויליקע מיטדענ־קער פונעם ציִעניזם, ווײַל זיי טיילן צו אַרגומענטן פאַר דעם דויִרעסדיקן פּרינציפּ פון די ציִעניסטן, אַז עמיגראַציע פון די ייִדן האַלט זיך אף אַנטי־סעמיטיזם. „די וווערבירער אין ייִסראָעל, — שרײַבט ס. קאַזימיראָווסקי, — וואָלטן מיט פאַרגעניגן באַצאָלט די „שוואַרצהעמדלדיקע" פון „פּאַמיאַט" אַרבעטלוין..."

אין די בריוו־אָפּרופן אף אונדזערע פּובליקאַציעס ברענגען אווטאָרן פאַקטן, וועלכע פאַרברייטערן די טעמע. עס ווערט צווישן אַנדערס באַהאַנדלט קריטיש די פּראָבלעם פון דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור. אַזעלכע בריוו פאַרדינען א באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט און מיר וועלן אָט די טעמע באַרירן אין אונדזערע ווײַטערדיקע איבערזיכטן. דאָ דאַרף נאָר באַמערקט ווערן, אַז עס איז א פרײַדיקע דערשײַנונג, וואָס די לייענער זאָגן אַרויס זייערע געדאַנקען דרייסט און פאַראַנטוואָרטלעך.

# אינהאלט

## אכטונג, לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד"

**לייענט און פארשפרייט „סאָוועטיש היימלאנד"!**

די אבאָנירונג אפן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" אף די פארבליבענע כאדאָשים פונעם 1988 יאָר ווערט אָנגענו־מען אָן א באגרענעצונג און אף א באליביקן טערמין מיצאד אלע פּאָטשט־אונטערנעמונגען און די אגענטורן פון „סאָיוז־פּעטשאט", ווי אויך מיט דער הילף פון די געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער. איר קאָנט אויך אין א באליביקן טאָג אויס־שרייבן דעם זשורנאל שוין אפן 1989 יאָר.

מיר דערמאָנען אייך: קעדיי באקומען „סאָוועטיש היימ־לאנד" אפן קומענדיקן כוידעש פונעם לויפנדיקן יאָר, דארפט איר אויספאָרמירן די אבאָנירונג ביז דער 12־טער דאטע פו־נעם פאָריקן כוידעש.

די אבאָניר־פרייַז אף „סאָוועטיש היימלאנד" צוזאמען מיט דער בייַלאגע איז:

אף א יאָר — 9 רובל מיט 60 קאָפּיקעס
אף א האלב יאָר — 4 רובל מיט 80 קאָפּיקעס
אף דרייַ כאדאָשים — 2 רובל מיט 40 קאָפּיקעס

**ЧИТАЙТЕ И РАСПРОСТРАНЯЙТЕ ЖУРНАЛ «СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД»!**

Подписка на журнал принимается во всех отделениях «Союзпечати» без ограничения до конца года и на 1989 год.

Подписная цена на «Советиш геймланд» вместе с ежемесячным приложением:

на год — 9 рублей 60 копеек
на 6 месяцев — 4 рубля 80 копеек
на 3 месяца — 2 рубля 40 копеек

באָריס מאָגילנער

אױף דער כוואַליע פֿון גלאַסנאָסט

עסייען

מ., „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1988, 64 זײַטן
קינסטלערישע און טעכנישע רעדאַקטור
וו. סאָקאָלאָװאַ, יע. טשערניבאַ
קאָרעקטאָר — ב. גערשמאַן

Борис Могильнер

НА ВОЛНЕ ГЛАСНОСТИ

*Эссе*

М., «Советский писатель», 1988, 64 стр.
Под общей редакцией А. Вергелиса
Художественная и техническая редакция
В. Соколова и Е. Чернина
Корректор Б. Гершман

Сдано в набор 22.07.88. Подписано к печати 18.09.88.
Формат 70×108¹/₃₂. Бумага типографская № 1. Печ. л. 2.
Условн. печ. л. 2,8. Цена 10 коп. Заказ № 1116.

Редакция журнала «Советиш геймланд»
Москва, 101000, Центр, ул Кирова, 17.

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
В/О «Совэкспорткнига» Государственного
комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
Москва, 121019, пер. Аксакова, 13.

Supplement to “Sovietish Heimland” No 10, 1988

© Журнал «Советиш геймланд», 1988